יעקב באָטאָשאַנסקי

# פון ביידע זייטן ים

דערציילונגען, גראָטעסקן און מיניאַטורן



JACOBO BOTOSCHANSKY

POR AMBAS ORILLAS DEL OCEANO

(Novelas)

פאַרלאַג „אויפגאַנג“

ב. איירעס 1928 B. Aires

# ברוך און נאַסטאַסיאַ

I

ברוך האָט ער געהייסן און זשוק איז געווען זיין צונאָמען. ס'האָט אים א חדר־אינגל דעם דאָזיקן נאָמען צוגעטשעפּעט, ווייל ער איז געווען מורא'דיק שווארץ און קליין, אזוי קליין, אז ווען דער רבי האָט אים עפּעס געפּרעגט, האָט ער געמוזט אונטערשפּרינגען אף צו דערלאַנגען צו אים מיטן ענטפער.

כאָטש ער איז געווען עלטער פון מיר, זיינען מיר דאָך געווען א „כתה" און כסדר געזעסן האַנט בא האַנט. איינזיצן נעבן אים איז ממש געווען א מוטשעניש, ער פלעג זיך הוידען אף רעכטס און לינקס אזוי ווי אן אומרו, געמאכט ציטערן די באַנק, דאָס חומש און אפילו די ווענט. זיצנדיק נעבן אים, פלעגן אין מיין קינדיש מוחל די נערוון אומטאַנצן.

ער אליין איז געווען א קנויל נערוון, אַלעס האָט אין אים געציטערט און געפלאַטערט און זיך געוואָרפן. גייענדיק פלעג ער זיך אזוי אונטער־טענצלען, אז יעדער אבר האָט זיך געשאָקלט אומגעלומפּערט, גלייך א ניט לעבעדיק נאָכשלעפּעניש. ס'איז געווען מאָדנע אף אים צו קוקן, בשעת ער איז געגאנגען. א קליינינטשקער אזוי, מיט דארע, שיטערע פיסלעך אין שרעקלעך לאַנגע הויזן, אָן וועלכע זיינע טריט האָבן זיך אלע מאָל פאר־טשעפּעט. געשפּאַנט האָט ער גיך, גיך, גלייך ער האָט עפּעס געמאָלן מיט די פיסלעך און יעדער שפּאַן איז געווען איבערגעבראָכן אין דרייען. איין שפּאַן וואס איז באשטאַנען פון דריי.

דאָס פּנים איז בא אים געווען קוים ליכטיקער ווי קויל און צעקנייטשט ווי אן אלטער קאלאש און נאריש האָט עס אויסגעזען, דאָס שווארצע פּנים זיינס. נאָר אייגעלעך האָט ער געהאַט, פלעגן זיי זיך אמאָל אָנצינדן און אזוי באשיינען זיין צעקנייטשט, נאריש פּנים, אז ס'האָט שוין אויסגעזען קלוג און שיין.

נאָר זעלטן פלעג ער זיי אָנצינדן די אייגעלעך זיינע און האָט ער זיי שוין אָנגעצונדן, האָט מען שוין געוואוסט, אז ס'האָט א מאָדנע געדאַנק א

שפריץ געטון אין זיין מוח, א געדאנק, וועלכן ער וועט ארויסזאָגן און וועל־כער וועט ברײנגען א צרה אפן חדר.

לערנענדיק אמאָל אין א טריבן אָסיען טאָג די שיינע מעשה וועגן די דריי מלאכים, וואָס זיינען געקומען צו דער מוטער שרה, אָנזאָגן איר די בשורה, אז ביז צום יאָר וועט זי האָבן א זון, האָט ברוך'ל א שרעקלעכן הוידע געטון די באַנק, אָנגעצונדן די אויגעלעך און אויסגעשריגן:

— ס'איז א ליגן...

ס'איז דערנאָך א לאַנגע צייט אזוי טרויעריק געווען אין חדר. אפשר צוואַנציק טעג האָט מען אים אַלע טאָג געקאַטעוועט. קוקנדיק ווי ער וואָרפט זיך אונטערן רבינס קאַנטשיק, אזוי ווי אַן אָפּגעפּאַרעט הינטל, האָבן אַלע קינדער געוויינט. און די איבעריקע אינגלעך האָט דער רבי אַלע טאָג גע־זאָגט אזא מוסר, אז ס'האָט זיך בעסער געוואָלט שטאַרבן איידער הערן; די נשמה האָט עס ארויסגענומען.

געלערנט האָט ער שלעכט, ניט ווייל ער האָט ניט פאַרשטאַנען, נאָר ווייל די געדאַנקען זיינען בא אים תמיד געווען צעזייט און צעשפּרייט אי־בער אַלע זיבן ימים. ער אַליין פּלעג זאָגן:

— אז איך הער איין וואָרט, גאָט, אָדער הימל, טראַכט איך שוין אוועק א שעה וועגן דעם, וואָס איז גאָט, אָדער הימל און דערנאָך, אז איך ספּאָמניענטע זיך, האַלט שוין דער רבי ווייט.

זייענדיק אַלט שוין צוועלף יאָר, איז ער מיין סוד געווען. איך פּלעג א סאַך מאָל זיך איינקוקן אין אים, וועלנדיק דערגרונטעווען, פאַר וואָס ער קען בשום אופן ניט טראַכטן צו דעם, וואָס ער לערנט איצט, אָבער ס'איז געווען אוממעגלעך. קוים האָט אין מוח בא אים ניט געשפּראָצט קיין קרו־מער געדאַנק, זיינען זיין פּנים און די אויגעלעך געווען טויט און גאָר ניט אויסזאָגנדיק, אַלע אָדערלעך האָבן שטענדיק געציטערט ווי ניט לעבעדיקע. ער פּלעג זיך אַליין באַקלאָגן:

— אָט אזוי... ס'טראַכט זיך פון א סאַך און פון איינעם אַליין טראַכטן קען איך ניט. אפן עק פון א געדאַנק אָנצוטרעטן און אים אָפּשטעלן אזוי ווי א פויגעלע קען איך ניט. אמאָל הער איך אינגאַנצן אויף צו טראַכטן, דער מוח בלייבט עפּעס ווי א ליימענער גולם, ווי אָקסן אונטער א גרויסן באַרג...

קיין שטאַרקע חבר'שאַפט האָב איך צו אים ניט געפילט קיין מאָל, כ'האָב גיכער פאַר אים מורא געהאַט און אים באַדויערט ווי אים ליב געהאַט. נאָר טראַכטן האָב איך צו אים תמיד געטראַכט, ער איז געווען מיין קינדערשער סוד.

## II

פינף יאָר האָב איך אים ניט געזען, אַליין בין איך געוואָרן א גרויסער בחור און ברוך'ן האָב איך געטראָפן כמעט אזוי נידריק ווי ער איז געווען. נאָר דאס פּנים איז בא אים געווארן נאָך צעקנייטשטער און שרעקלעך פאַרגרעבט. דוכט זיך געהאַט אמאָל אַן איידעלע הויט און פּלוצים אַזוי גראָב און די נאָז איז אויך געוואָרן אַזאַ פליישיקע, אַזאַ גראָב רויטע מיט א סאַך ביבקעס און גריבלעך אַזוי ווי בא אַן אַלטן אידן.

ער איז דעמאָלט געווען לערער אין שטעטל. עטלעכע אָרימע עלטערן, וואָס האָבן סיי ווי ניט געצאָלט האָבן אים געגעבן די קינדער און ער פלעג אזוי לאַנג זיצן מיט זיי און שווייגן, ביז זיי פלעגן אים איבער־לאָזן. ער האָט אַליין ניט פארשטאַנען ווי אזוי א טייל קינדער האָבן זיך דאָך אויסגעלערנט בא אים לייענען און שרייבן.

געוואוינט האָט ער ארוים דער שטאָט ערגעץ אין אַן ערדן שטיבל בא אַן אַלטער גויה אַן אַלמנה. ער פלעג איר האקן האָלץ און שעפּן וואסער און זי האָט אים דערפאַר געהאַלטן. און אָנטון זיך פלעג ער אויך ווי א גוי אין פּראָסטע געוואַנטענע הויזן, א גראָב רעקל, שטיוול און א קוטשמע, אפילו זומער אין א קוטשמע.

מיט אידן פלעג ער זיך זעלטן באַגעגנען, אמאָל, אַמאָל, אז ער פלעג פאַרבייגיין דעם „פּריוואָז" (תבואה מאַרק) און באמערקן, אז אידן שטייען אָן א שטאָך ארבעט פלעג ער צוגיין און אויב די אויגעלעך האָבן זיך אים אָנגעצונדן, פלעג ער ארויסוואַרפן א חכמה, פון וועלכער דער עולם, האָט זיך אַ לאַנגע צייט באַלעקט. ער האָט געקענט צוגיין צום גרעסטן גביר פון שטעטל, א אידל א דרייקאָפּ, וואס האָט געהאַט עטלעכע זין משוגעים און פאַר וועלכן אַלע סוחרים האָבן מורא געהאַט און אים א טשעפּע טון. האָט דער גביר איינמאָל א געשריי געטון:

— זייט ניט קיין משוגענער!

— וואָס־זשע — האָט ברוך געפייפט מיטן קולכל — אזא נאָווינע איז בא אייך א משוגענער?

שטילערהייט האָט ער אזוי אפשר צוואַנציק סוחרים צוגעטשעפּעט צונעמען, פון וועלכע זיי האָבן זיך שוין ניט געקענט אָפּטשעפּען דאס גאַנצע לעבן.

— וואס זאָגסטו עפּעס, ברוך, צו שאַכנען ווי ער טענה'ט עס איין?

— שאַכנע? ער איז א טשייניק...

— נו און יאָקל?

— יאָקל, יאָקל?... ער איז פּשוט א קאָכלעפל.

— נו און איציק קאָסאָי?

— איציק קאָסאָי איז א האקמעסער, האקט אָפּ געשעפטן ניט פאר זיך, ניט פאר יענעם.

דער עולם פלעג זיך צוהערן, קאטשען זיך פאר געלעכטער און גע־דיינקען. שאכנע האָט שוין תמיד געהייסן „טשייניק", יאָקל — „קאָכלעפל" און איציק — „האקמעסער". און ברוך'ן האָט דער זעלבער עולם געהאלטן פאר א חכם, פאר א בחור מיט א שארף קעפל און א געשליפן צינגל.

איבערהויפט פלעג ברוך זשוק ליב האָבן אפּצוחוזקן פון מיידלעך, ער פלעג פון זיי ריידן גראָב, מורא'דיק גראָב:

— אָט א יענע, יונה דעם רויטנס טאָכטער גייט ניט, נאָר זי מאכט „טאָסיע" מיטן...

אָבער חכמה'נען זיך איבער מיידלעך פלעג ער נאָר פון דערווייטנס, פון דער נאָענט פלעגט ער פאר זיי ציטערן אימת מות, ער פלעג פון זיי אנטלויפן אָף א מייל די ווייט. און וואָס מער ער איז אנטלאָפן, אלץ מער האָבן זיי זיך נאָך אים געיאָגט און געלאכט אים אין פנים אריין. אנטלוי־פנדיק, פלעג ער אמאָל א וואָרטשע טון:

— איך ווייס, וואָס זיי ווילן, נאָר איך האָב קיין צייט ניט...

נאָך ערגערס האָט ער געהאט אויסצושטיין פון די שיקסעס, אין דער מאהאלע1) וואו ער האָט געוואוינט. לצים האָבן דערציילט, אז זיי האָבן אים אמאָל פארשלעפּט אונטער דער ווינטמיל, אים צעלייגט און אָפּגעטון מיט אים א מיאוסע מעשה. איינמאָל האָבן זיי אים אויסגעטון אָדם נאקעט, צוגענומען די קליידער און געלאָזט אזוי אין פעלד.

מאָדנע איז געווען דאָס אלעס צו הערן וועגן אים און מאָרנע איז אויך געווען צו קוקן אָף אים. עפּעס האָט זיך מיר קינדוויז ניט געדוכט, אז ער וועט אזוי אויסזען און אז ער וועט ווערן דער חכם און צו דער זעל־בער צייט אויך דער טפּש פונם שטעטל. איינמאָל האָב איך זיך ניט איינ־געהאלטן און צו אים א זאָג געטון:

— איך האָב זיך ניט גערעכט, ברוך, אז דו וועסט אזוי ווערן.

— וואָס־זשע? — האָט ער געקוקט אָף מיר מיטן צעקנייטשטן פּנים, אראָפּלאָזנדיק די אייגלעך — איך בין אנטוויקלט? איך האָב א סאך געלעזן...

און ער האָט מיר גענומען דערציילן, אז דאָס ביסל בילדונג, וואָס ער האָט געקריגן, האָט ער מיט די ציין ארויסגעריסן פון די ביכלעך. ער האָט זיך געמוטשעט פארבינדן דעם קאָפּ און פארשטעלן די אויערן, אז ער זאָל

1) פעריפעריע.

קענען זיך קאָנצענטרירן ארום א ביכל, זען די ווערטער פון דאָרט און זײ הערן.

— תמיד האָט ער געזאגט — זינגט עפּעס אין די אויערן, זינגט און פאַרשלעפּט דיך עפּעס דער רוח ווייסט וואו און די ווערטער, וואָס דו לערנסט, מוזטו דאָך הערן...

און דאָס אינטערעסאנטע איז דערביי געווען, וואָס ער איז געווען געשמאַק טויבלעך; בשעת דו האָסט גערעדט צו אים, פלעג ער קוקן מיטן קאַלאָשענעם פּנים אף דיר און דיר האָט זיך געדוכט, אז ער הערט דיך און פלוצים האָט ער געקענט אונטערשפּאַרן מיטן קנאָכיקן פּנים אן אויערל און א טויבן פרעג טון:

— האַ?

און ס׳איז שווער געווען צו וויסן, צי ער האָט ניט געהערט פאַר צעטראָגנקייט, צי פאַר טויבקייט.

אָנצינדנדיק אמאָל די אייגעלעך, פלעג ער שוין איצטער ניט ארויס־זאָגן א שאַרף וואָרט ווי קינדווייז, נאָר עפּעס א מיטלמעסיקע חכמה. דער סוד אין אים איז פאַר מיר אין גאַנצן פאַרשוואונדן. כ׳האָב געזען א פוילן בחור, א טפּש, מיט נטיות צו חכמה׳נען זיך. וואָלט ער — האב איך גע־קלערט — דערצויגן געוואָרן אין א ראַפינירטער סביבה, וואָלט ער געווען א הויפנאַר (בופאָן) אָדער א צירק־קלאָון און דאָ איז ער פאַרבליבן דער חכם און דער טפּש פונם שטעטל.

## III

אומגעריכט איז ברוך זשוק פאַר מיר אויסגעוואַקסן אין בוקארעשט; שוין אפשר אכט יאָר אים ניט געזען, כ׳האָב געמיינט, אז ער איז בשעת דער גרויסער מלחמה, אדער — ווי ער אליין האָט געזאָגט — בשעת די גרויסע פּרעסט, ערגעצוואו אומגעקומען און איז דערפאַר „פאַרגעסן גע־וואָרן ווי א טויטער פונם הארצן“...

געקומען איז ער דאס מאָל שוין טויב ווי א דרוק. זיך אליין גע־בויערט מיט דראָט און צוועקעס אין די אויערן, בכדי ער זאָל זיך באַפרייען פון דער מלחמה. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער מיר געזאָגט:

— אַך, מיין גאַנצער כוח האָט דאָך געשטעקט אין מיינע אויערן. אַלע לידער מיינע זיינען דורכגעפילטע פונם חוש השמועה. האָב איך דעם דאָזיקן חוש גערדאַרפט ברייננגען פאַר א קרבן אפן מזבח פון „מולך“...

ס׳איז זיך געווען שווער איינצוהאַלטן און ניט א שמייכל טון, הערנ־דיק, אַז ברוך זשוק שרייבט לידער. ער האָט געמיינט, אז איך שמייכל פון זיין טויבקייט און זיך אָפּגערופן:

— כ'האָב טאַקע אַמאָל אויך שלעכט געהערט, אָבער ס'האָט דאָך תמיד געזונגען עפּעס אין די אויערן, היינט זיינען זיי גלייך פארשטאָפּט מיט סמאָלע.

נאָר די איבערראַשנדסטע נייס, וואָס ברוך האָט געבראַכט איז געווען דאָס, וואָס ער איז געוואָרן א סטודענט פונם פילאָזאָפישן פאַקולטעט.

— אָט אַזוי זיך — האָט ער זיך ווי פארענטפערט און גערעדט שעמעוודיק — גוט זיך געמוטשעט און געפּלאָגט דורך די טעג און נעכט... ס'שטעדטל איז געווען וויסט, א לעבעדיקן מענטשן ניט געזען. אַלע אין דער מלחמה אַוועק. די שיקסעס אין מיין מאַהאַלע האָבן זיך נאָך מער געטשעפּעט, אַז די שקצים זיינען ניט געווען... האָב איך זיך פארשפּאַרט אין שטיבל און געלערנט. דאָס לערנען איז ניט געווען שווער, נאָר דאָס האַלטן זיך באַם לערנען, ניט אַוועקפליען מיט די געדאַנקען איז געווען א צרה. אַלעמאָי איז איצטער א נייע צרה. איך האָב געלערנט אַף רוסיש און דאָ איז אַלעס אַף רומעניש. כאָטש, אַז מען וויל צוריקשמועסן, האָב איך אַביסל מאָלדאַוואַניש תמיד געקענט און געלערנט האָב איך סיי ווי ניט אַף רוסיש, נאָר אַף אידיש. די ביכער זיינען טאַקע געווען רוסישע, אָבער די ווערטער זיינען אַליין געוואָרן אידיש...

און ברוך זשוק האָט פּאַוואָלי אָנגעהויבן ווערן א שם דבר צווישן סטודענטן, ממש א שטיק לעגענדע. ער האָט פּלוצים איבערגעלאָזט דעם אוניווערזיטעט, טענה'דיק דערביי:

— צו וואָס דאַרף איך אים? איך קען ניט אַליין בעסער לערנען פון זיי?

א טייל פון די סטודענטן האָט אים טאַקע תיכף געשטעמפּלט אַלס „צעדרייטער". אַנדערע האָבן געקוקט אַף אים מיט באַוואונדערונג:

— א מענטש, וואָס דאַרף ניט די פּראָפעסאָרן!

און פּלוצים איז ער געוואָרן א סאָציאַליסט און געקריגן א מחנה פאַרערער צווישן אַרבעטער און סאָציאַליסטיש געשטימטע סטודענטן. ער פלעגט אַף זיי ווירקן מיט זיינע קליינשטעטלדיקע חכמות און דריידלעך. געהערנדיק צום לינקן פליגל פון דער פּאַרטיי, פלעג ער קענען אויסשרייען צו די רעכטע:

זייט די וועלט איז שוין געשטעלט געוואָרן איז אַזוי: מענטשן גייען פון ביידע זייטן און פערד גייען אין דער מיט... אָדער א בורזשוי, אָדער א קאָמוניסט, די וואָס גייען אין דערמיט זיינען פערד...

די ערנסטערע, אַפילו פון די לינקע, פלעגן לאַכן פון אַזוינע „אַרגו-מענטן", זיינע אָנהייננגער אָבער פלעגן אָנקוועלן פון אַזוינע ווערטער און

ברוך זשוק איז געװען פאַר זיי ס׳אױבערשטע פונם שטײסל. ער איז געװען — אַ לעגענדע...

אָבער דער קרומער קאָפּ זײנער איז געקראָכן, װאָס אַמאָל קרימער און קרימער. פּאַקנדיק װיניטשענקאָס אַ ראָמאַן „זיי ערלעך מיט זיך“, האָט ער אָנגעהױבן פּרעדיקן די אידעאַלן פון דאָרטן, ער פלעג װעלן אײנרײדן די אַרבעטאָרנס, אַז פּראָסטיטוציע גופא איז װײניקער פּראָסטיטוציע װי אַרבעטן אַ סאַך און „אױב — האָט ער געזאָגט — פּ ר אָ ס ט י ט ו צ י ע גופא איז לײכטער, איז גלײכער צו װערן אַ פּראָסטיטוטקע װי אַן אַרבעטאָרן“...

מ׳האָט אים פאַר די דאָזיקע „אידעאַלן“ אָנגעהױבן דערװײטערן פון דער פּאַרטײ און ער האָט אָנגעהױבן צו פאַרקריכן מיט זײנע פּראָסטיטוציע־אידעאַלן װײטער און װײטער. ער האָט אַפילו אײנמאָל פאָרגעלײגט צו מאַכן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַרײן פון פּראָסטיטוטקעס.

— ס׳איז — האָט ער געשריגן — אַ פּראָדוקט פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט, טאָ דאַרפן מיר דעם דאָזיקן פּראָדוקט אָרגאַניזירן און װאַרפן אין פּנים אַרײן. אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַרײן פון פּראָסטיטוטקעס איז דער שטאַרקסטער שפּײ אין פּנים אַרײן פון דער בורזשואזיע, װאָס מיר קענען געבן...

און טאַקע תּיכּף האָט ער זיך אָנגעהױבן באַקענען מיט עטלעכע קעלנערס, װאָס זײנען געװען „העכט“ באַ „נקבות“ און דורך זײ מיט פּראָסטיטוטקעס און אָנגעהױבן אײנרײדן די לעצטע, אַז זײ זאָלן זיך אָרגאַניזירן... אַ טײל פון די דאָזיקע האָבן אָנגעהױבן קומען אין דער פּאַרטײ אַרײן...

דאָס מאָל איז ער שױן אַזױ װײט פאַרקראָכן, אַז מ׳האָט אים פון דער פּאַרטײ שטילערהײט אױסגעשלאָסן און זײנע אָנהײנגער האָבן זיך אָנגעהױבן דערװײטערן פון אים.

## IV

אין די קרײזן פון ברוך׳ס באַקאַנטע האָט זיך געדרעש׳ט: ברוך זשוק האָט חתונה געהאַט, ס׳איז געװען שװער צו גלױבן. ער פלעגט דאָך תּמיד אַנטלױפן פון אַ מײדל. און רעשנ׳דיק זיך אַזױ, איז מען געװאָרע געװאָרן, אַז ער האָט אַ שטיק צײט געפירט אַ ראָמאַן, ריכטיקער: אַ ראָמאַן האָט אים אַ שטיק צײט געפירט...

אַ רוסישע סטודענטקע פון בעסאַראַביע, נאַסטאַסיע פּאַװלאָװנאַ, אַ געזונטע, אַ פרישע, אַ לעבנסלוסטיקע און תּמיד לאַכנדיקע בלאָנדינקע,

האָט זיך פלוצים פארליבט אין ברוך זשוק. עס איז איר געפעלן געוואָרן זיין מאָדנע צורה, אין וועלכער זי האָט געפונען עפעס ענלעכקייט צו קריסטוסן און זי פלעג אים תמיד גלעטן און גוטמוטיק צובאָמקען: „זשידאָווסקאיאַ מאָרדאטשקא“.

ברוך פלעגט פון נאסטאסיאַן אַנטלויפן און זי, וועלכע איז ווי געוועזן פון קוועקזילבער, ניט געלערנט, ווייל זי האָט קיין געדולד ניט געהאַט, האָט דאָך געהאַט געדולד זיך צו מוטשען מיט אים אַנדערטהאלבן יאָר און קנעלן איבער אים, ביז וואַנען זי האָט אים „איינגעביסן“. זי האָט אים, געמאכט חנ'דלאָך, זיך געמאָרדעוועט אויף דער ערד, געוויינט, זיך גע־מאכט חלשנ'דיק, אים געמוטשעט מיט ליידנשאפטן, געדרייצט און ער האָט ענדלעך חתונה געהאט מיט איר.

און דאָך האָבן אייניקע באהויפטעט, אז ער איז אין איר פארליבט א סאך מער ווי זי אין אים, „ער איז פאר איר — האָט מען געזאגט — אַ מאָדנע שפילעכל, א „זשידאָווסקאיאַ מאָרדאָטשקאַ“ און זי איז פאר אים אַלעס. און לאָז זי אים פארלאָזן אויף איין טאָג, וועט ער מער ניט לעבן“...

געוואוינט האָט ער מיט איר ווייטלעך פון דער שטאָט, א רומענישער סטודענט, א יונגער פריץ מיט נטיות צו ליבעראַליזם האָט זיי ביידע אריינגענומען אין זיינער א ווילע אריין, וועלכע ער האָט געהאַלטן ספע־ציעל פאַר קינסטלער און זיי אָפגעגעבן דאָרט א צימער, און איך האב ניט אים, ניט זי אַ לאַנגע צייט נאָך זייער חתונה ניט געזען, כאָטש עס האָט זיך מיר שטארק געגלוסט צו זען ווי אזוי ברוך זשוק זיצט נעבן אַ ווייב, ווי אַזוי ער רעדט מיט איר און ווי אַזוי ער פלירטעט...

האָב איך איינמאָל געהאַט א זכיה זיי צו זען. ס'איז געווען ניי־יאָר און דער דערמאָנטער פריצישער סטודענט האָט צו זיך איינגעלאַדן א גאַנצע כאַליאַסטרע קינסטלער, שרייבער, זשורנאַליסטן און פּאָליטיקער. בשעת דער שמחה איז ברוך זשוק געווען שטארק אויפגעלייגט און ווען דער „דיקטאַטאָר פונם אָוונט“ האָט אויסגעשריגן:

— ברוך זשוק זאָל האַלטן א טאָסט!

האָט זיך ברוך אויפגעהויבן פונם פּלאַץ, פאַריסן פריילעך דעם קאָפּ מיטן כוס, די אייגעלעך האָבן א גלי געטון ווי א פלי פון א גליווערעמל און ער האָט מיט מאָדנער פרייד אויסגעשריגן:

— משוגע בין איך!..

דאָס דאָזיקע „שפּיצל“ איז געווען אפּגעארבעט מיט אַזוי פיל לע־בעדיקן קאָמיזם, אַז דער עולם האָט אויסגעבראָכן אין א געלעכטער. און טאַקע תיכף האָט ער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז שוין דערנאָך די גאַנצע נאַכט געזעסן טרויעריק.

נאַסטאַסיאַ האָט אים געהאַלטן אין איין גלעטן און גוטמוטיק אָנרופן „זשידאָווסקאיאַ מאָרדאָטשקאַ“ און ער איז געזעסן קאַלט ווי אייז, זיך ניט רירנדיק פון אָרט.

ס׳איז שוין דעמולט ניט שווער געווען צו דערקענען, אַז פאַרליבט איז ער געווען, ניט זי. מיט די הענט האָט זי זיך מיט אים געשפּילט, אָבער מיט די אויגן האָט זי זיך מיט אַן אַנדערן געשפּילט און ער האָט דאָס געזען, ניט קוקנדיק, ער האָט דאָס געפילט מיט דער שפּיציקער נאָז, וועלכע האָט בא אים, פון מאַטערניש אַפּנים געשוויצט...

און געשפּילט האָט זי זיך מיטן עלטערן שריפטשטעלער פּאַביאַן, אַ מענטש פון אַ יאָר פופציק מיט אַ לאַנגער, גרוי־אַפּאָסטאָלישער באָרד. דער דאָזיקער פּאַביאַן, וואָס האָט זיין שריפטשטעלערישע קאַריערע אָנגע־הויבן אַלס גלח מיט אַ פּאַמפּלעט קעגן הייליקן סינאָד, האָט אַף דער על־טער אָנגעהויבן ווערן אַ בעל תשובה און גענומען פירן אַן אַסקעטישן לעבן, דערווייטערן זיך מיט אַלע כוחות פון פרויען. אַפילו צור מעצענאַנט־קע ריניאַנו, אַ יונגע, רייצנדע פרוי, צו וועלכער ער האָט געפילט אַ געוויסע שוואַכקייט, פלעג ער מער ניט גיין און באַגעגנדיק אַ קינסטלער, וואָס איז געגאַנגען צור מעצענאַנטקע, פלעג ער זאָגן: „לאָז איר גרוסן, זאָג איר, אַז איך קום ניט, ווייל איך וויל איצט רייניקן די געדאַנקען און זי איז אַזוי יצר־הרע׳דיק“. אָט אָ דעם פּאַביאַן האָט נאַסטאַסיאַ פּאַוו־לאָוונאַ אויסגעקליבן אין יענער ניי־יאָרנאַכט אַלס ציל פאַר אירע פייַלן. אירע אויגן האָבן טיגריש געגלאַנצט און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס גלאַנצן ניט אירע אויגן, נאָר זיינע, ברוך זשוקס אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן און דערציילן אַ פּאַרקאַדאָקס וועגן „אַ פרוי, וואָס גלעט איינעם מיט די הענט און אַן אַנדערן מיט די אויגן“...

ווי אַזוי ברוך פלירטעט איז מיר טאַקע ניט געלונגען צו זען, אָבער ווי אַזוי ברוך זיצט נעבן זיין פרוי, האָב איך געזען און — ס׳איז געווען אַ מורא צו קוקן... דער ראָמאַן האָט טאַקע אים געפירט, אָבער ער האָט אים שטאַרק, שטאַרק געוואָלט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם זעלבן ניי־יאָר פרימאָרגן האָב איך שפּאַצירט אין אַ גרויסן שטאָט גאָרטן. די זיסע שכורקייט פונם שאַמפּאַניער און פון די פרויען, האָט זיך שוין געהאַט אויסגעוועבט און עס האָט זיך געוואָלט איינזאַפּן די שאַרפע לופט, פאַרטרייבנדיק דעם שלעכטן נאָך־טעם און נאָך־ריח.

דער גאָרטן איז געווען ווייס. די ערד באַדעקט מיט פרישן, ניט גע־טראָטענעם שניי. די קאַליוזשע פונם מיטגאָרטן איז געווען באַדעקט מיט אייז. די שוואַנען, וואָס פלעגן אַ גאַנצן זומער און האַרבסט דאָרט שווימען,

האָט מען ניט געזען און נאָר אין איין פּלאַץ, וואו דאָס אייז איז געווען אויסגעהאַקט, זיינען געשוואומען צוויי שלאָפנדיקע קאַטשקעס, פאַרבויגן די קעפּלעך אונטער די פליגל און אויסגעזען האָבן זיי, גלייך עמיצער האָט זיי די קעפּלעך אָפּגעהאַקט. די בוימער האָבן אויסגעזען ווי גלעזערנע, סיי די שטאַמען, סיי די צווייגן זיינען געווען באַדעקט מיט אייז און די קאַלטע זון האָט אַף זיי געקוקט, זיך געשפּיגלט אין זייערע שפּיגעלעך און זיי באַגאָסן מיט טויזנטער פאַרבן...

טויט האָט דער גאָרטן ניט אויסגעזען, כאָטש ער איז געווען ווייס און דאָך האָב איך אָן אויפהער געטראַכט צום טויט. יעדער בוים, יעדער צווייג האָט צו מיר טויט געווינקען, וועגן טויט דערציילט...

און אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך דערהערט אַ פּייעפריי פון פּאָליציסטן, און צוקומענדיק צום פּלאַץ, פון וואַנען דאָס פּייפערײ איז געקומען, האָב איך געזען, אז מ'האָט אַראָפּגענומען אַ קליין מענטשל פון אַ בוים. ס'איז געווען ברוך זשוק, דאָס זעלבע פּנים, וואָס תמיד, צעקנייטשט און פאַרעלטערט, נאָר די אויגן אויסגעסטאַרטשעט, גלייך אָט אָט וועלן זיי זיך אָנצינדן. דאָס מויל איז געווען אָפן, נאָר פאַרשטאָפּט מיט אַ סאַך צונג פון וועלכן ס'האָט נאָך בלוט געטריפט. דער בויך איז שוין געווען אָנגע־שוואָלן און דער גאַנצער קערפּער קאַלט.

אין יענעם טאָג נאָך זיינען מיר געוואוירע געוואָרן ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו. אַ טייל פון אונדז איז פאַרטאָג אַוועקגעפאָרן שפּאַצירן און הוליען און אַ טייל איז געבליבן שלאָפן אין דער ווילאַ. נאַסטאַסיאַ האָט געפּלאַנעוועט די נאַכטלעגערס און אויסגעפּלאַנעוועט, אַז פּאַביאַן זאָל שלאָפן באַ איר אין צימער. צי ברוך איז טאַקע איינגעשלאָפן און זיך דערנאָך אויפגעכאַפּט, צי ער האָט זיך נאָר געמאַכט שלאָפנדיק, ווייסט מען ניט, מ'ווייסט נאָר, אַז ער האָט געפּאַקט פּאַביאַנען מיט נאַסטאַסיאַן אין סאַמע פּיקאַנטסטן מאָמענט, אַ רעווע געטון ווי אַ חיה און איז אַנטלאָפן...

דערציילנדיק דאָס האָבן זיך אַלע באַקאַנטע געהיצט:

— אַ קאַנאַליע אָט די נאַסטאַסיאַ... זי האָט פּאַביאַנען קיינמאָל ניט געקענט ליידן, צו זיין באָרד האָט זי געפילט עקל, זי האָט נאָר גע־וואָלט אָנשפּייען אין זיין פרומקייט אריין... אַ קאַנאַליע!...

און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז מען באַדויערט פּאַביאַנס באַשפּיגענע פרומקייט. אַז ברוך זשוק איז געשטאָרבן האָט מען שוין פאַרגעסן.

# עפּילאָג

געוואוסט האָט מען אַז נאַסטאַסיאַ פּאַוולאָוונאַ איז אַמאָל געווען אַ לעבנלוסטיק מיידל, האָט אַמאָל פאַרמאָגט אַזוי פיל פייער אין בליק, אַז ז'האָט מיט אירע אויגן געקענט אין מוח עפּעס פאַרברענען בײַ אַ מאַן. קוקנדיק אַף איר איצטער, איז דאָס שווער געווען צו גלויבן. אָנגעטון איז זי געווען כסדר אין אַ טונקל קליידל, וואָס האָט אינגאַנצן פאַרדעקט איר גוף, פאַרדעקט אַזוי, אַז ס'האָט זיך קיין איין ליניע ניט אַרויסגעזען און מ'האָט גיכער געקענט גלויבן, אַז ס'איז אַן אומגעלומפּערטער קערפּער פון אַן אַלטער באַבע, ווי אַ שטייפער קערפּער פון אַ יונג ווייבל. דער אָפּגע־שוירענער קאָפּ־האָר איז אויך תמיד געווען באַדעקט מיט אַ שוואַרצן שאַל און די אויגן האָט זי געהאַלטן אַזוי אַראָפּגעלאָזט, אַז ס'פּנים איז אינגאַנצן געווען אָן אויסדרוק. זי איז געהאַט ניט לאַנג צוריקגעקומען פון אַ מאָ־נאַסטיר און מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס אַ קבר־ריח און טויט־אויסזען פון דאָרט.

ווען ברוך זשוק האָט זיך ס'לעבן גענומען, האָט זי נאָך איר לעבנס־לוסטיקייט ניט פאַרלוירן. זי האָט נאָר איינמאָל צוזאַמענגערופן אירע באַקענטע, איבערגעלייענט פאַר זיי דאָס קאַפּיטל פון דאָן קיכאָט, וואו עס ווערט דערציילט ווי אַזוי מ אַ ר ס ע ל אַ פאַרענטפערט זיך בײַם קבר פון איר קרבן ק ר י ס אָ ר ט אַ ס, איבערגעחזר'ט די ווערטער: „איז דען די שלאַנג שולדיק, וואָס די נאַטור האָט זי באַשאַפן מיט אַ שטעכעלקע, וואָס פאַרגיפטעט?“, זיך צעוויינט און דערנאָך געפּירט דאָס זעלבע יונג־ווילדע לעבן, וואָס פריער. נאָר ווען אין אַ קאַרגן חודש אַרום האָט זיך פּאַביאַן איבער איר ס'לעבן גענומען, איז זי פאַרשוואונדן און אין אַ יאָר אַרום זיך אומגעקערט אַ מרה־שחורה'דיקע מיט אַ קבר־ריח און טויט אויסזען.

– וואו האָט זי געוואוינט? קיינער האָט ניט געוואוסט. דורך די טעג האָט זי קיינער קיינמאָל ניט געזען, נאָר שפּעט בײַנאַכט, ווען מענטשן זיינען פון טעאַטערס געגאַנגען, פלעג מען זי זען זיך אומדרייען איבער אַ שטיל־טונקל געסל, אַ פאַרדעקטע אין שוואַרצן, אַ באַהאַלטענע אין די נאַכט־שאָטנס.

האָט מען אָנגעהויבן קלערן פאַרוואָס און צוליב וואָס זי דרייט זיך גראַד איבער דעם דאָזיקן געסל. אייניקע האָבן אַפילו אָנגעהויבן נאָכ־שפּיאָנירן, צי זי וואוינט ניט ערגעץ דאָרט, אויסגעפּרעגט אין אַלע הייזער און הויפן פון דעם זעלביקן געסל, ווי אויך פון די דערבייאיקע געסלעך

און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי וואוינט דאָרט ניט. האָט מען אויפ־געהערט קלערן דערפון.

איינמאָל האָט זיך „דער פסיכאָלאָג“ פון דער חברה — א בחור, וואס איז געווען א היימזיצער, געקוקט אפן לעבן דורך א שפּארינע פון א צו־בראָכענער טיר און דאָך גע'טענה'ט, אז פאר אים איז קיין סוד ניט פאראן, — געכומען דערוויזן, אז זי דרייט זיך איבער דעם דאָזיקן געסל, ווייל עס וואוינט דאָרט דער דיכטער שפּיצבערג, א נאָענטער פריינט פון נאסטאסיא פּאוולאָוונאס ביידע קרבנות.

האָט שפּיצבערג, גייענדיק אהיים אליין באנאכט, זיך גענומען נאָכ־קוקן נאסטאסיאן, אָבער ניט געפילט צו זיך מצד איר די קלענסטע אויפ־מערקזאמקייט. עס האָט זיך אים אלע מאָל געדאכט, אז ער פילט איר בליק אף זיינע פּלייצעס, נאָר ווען ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איר, האט ער זי אלץ געזען אזוי שאטנדיק שוועבן, איינגראבנדיק די אויגן אין דעם שטיינער־פלאסטער און וועקמאכנדיק מיט דער האנט, זיך זאָגנ־דיק דערביי: „ס'איז איינבילדונג“, פלעג ער גיך אהיים גיין.

איינמאָל האָט זיך שפּיצבערג אויפגעכאפּט באנאכט, א מידער, א באגאָסענער מיט אַ קאלטן שווייס. ער האָט לכתחילה געמיינט, אז דאָס האָט צו אים דער גאסן־לאמטערן, וואָס איז געשטאנען הארט בא זיין פענסטער, אריינגעקוקט און אים פון שלאָף אויפגערודערט, נאָר ווען ער האָט אויסגעווישט די אויגן און פארטריבן דעם שלאָף און קאָשמאר פון זיי, האָט ער געזען, אז דער לאמטערן איז גראד אין יענער נאכט געווען פארלאָשן. פילנדיק דאָך, אז אויפגערודערט האָט אים ניט אן אייגענער געדאנק, נאָר א פרעמדער בליק, וועלכן ער האָט אויך איצט אף זיך גע־שפּירט, איז ער אראָפּ פון געלעגער און צוגעגאנגען צום פענסטער. נאס־טאסיא איז דאָרט געשטאנען. שפּיצבערג האָט ליכט געמאכט, געעפנט דאָס פענסטער און זי געפרעגט:

— וואָס ווילט איר?

— לאָזט מיך אריין — האָט נאסטאסיא מיט א פארדומפּפן קול גע־ענטפערט.

שפּיצבערג האָט ברייטער צועפנט דאס פענסטער און געהאָלפן נאס־טאסיאן אריינגיין און נאָך איידער ער האָט איר זיצן געהייסן, האָט נאס־טאסיא אָנגעהויבן צו רעדן:

— פארוואס זענט איר אזא שלעכטער און געפיללאָזער?.. צוויי חדשים דריי איך זיך ארום אייך ווי א שאָטן, בעט מיט די בליקן א וואָרט בא אייך און איר זענט זיך כסדר געגאנגען פארביי, איגנאָרירנדיק מיך...

— איך — האָט שפּיצבערג געענטפערט — האָב אַ סאַך מאָל געקוקט אויף אײַך, נאָר תּמיד האָט איר געקוקט אַראָפּ, ניט פֿילנדיק אַפֿילו מײַן אָנוועזנהייט.

— איך האָב געקוקט אַראָפּ, ווײַל... האָט איר דען ניט געפֿילט, אַז איך האָב מורא צו קוקן אויף אײַך?.. צוויי חדשים, נאַכט אויף נאַכט, אַלע מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט אָט וועט איר צו מיר צוקומען און ווען איר פֿלעגט אַוועק אַהיים, פֿלעג איך זיך פֿילן באַשפּיגן...

— און בײַ מײַן פֿענסטער — האָט שפּיצבערג געפֿרעגט — זענט איר אויך אַלע נאַכט געשטאַנען?

נאַסטאַסיאַ פּאַוולאָוונאַ האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און אַזאַ לאַך געטון, אַז ז'האָט מיט איינמאָל אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מאָנאַשקע־קליידער מיטן קבֿר־ריח, מיטן טויט אויסזען. שפּיצבערג האָט פֿאַר זיך דערזען די אַמאָליקע, לעבנסלוסטיקע נאַסטאַסיאַ פּאַוולאָוונאַ. ז

— וואָס לאַכט איר?

—איך לאַך, וואָס ערשט האָט איר מיך איגנאָרירט אינגאַנצן און איצטער ווילט איר שוין וויסן, צי איך פֿלעג שטיין דורך די נעכט בײַ אײַער פֿענסטער.

שפּיצבערג האָט זיך אָנגעכמורעט, זי ערנסט אָנגעקוקט, געוואָלט ענט־פֿערן, אַז דאָס איז געווען ניט ווײַל עס אינטערעסירט אים דער פֿאַקט גופֿא, צי זי איז יאָ געשטאַנען בײַ זײַן פֿענסטער, צי ניין, נאָר ווײַל ער האָט געוואָלט וויסן דעם כּוח פֿון איר בליק, ער האָט אָבער אַ טראַכט געטון, אַז ס'לוינט זיך ניט און גאָר ברוגז אַ פֿרעג געטון:

— וואָס ווילט איר פֿון מיר?

נאַסטאַסיאַ האָט ווידער אויף זיך אָנגעטון איר שוואַרצן ערנסט, זיך צוגעטוליעט צו אים און אַ זאָג געטון:

— קוקט אויף מיר ניט אַזוי בייז, לאָזט מיך אַביסל רעדן.

ש פּ י צ ב ע ר ג האָט זיך אַוועקגערוקט פֿון איר, געקוקט אויף איר פֿאַרוואונדערט און אַ שעפּטשע געטון:

— איך הער!

— איר — האָט נאַסטאַסיאַ אָנגעהויבן — האָט בײדע מײַנע קרבנות געקענט, מיר האָט איר קיינמאָל ניט געוואָלט קענען. פֿאַרוואָס איז אײַך ניט אײַנגעפֿאַלן אַ קלער צו טון, אַז איך בין אינטערעסאַנטער און אומ־שולדיקער פֿון זיי בײדע...

— איך ווייס ניט און פֿאַרשטיי ניט, וואָס איר ווילט.

— וועל איך אײַך זאָגן. איר ווייסט דאָך, אַז ברוך זשוק האָט זיך איבער מיר געהאַנגען, ווײַל איך האָב אים אָפּגענאַרט און דער אַלטער

פאביאן האָט זיך געשאָסן, ווייל איך בין אים געווען געטריי... אָפּנאַרן איז ניט גוט, זיין געטריי אויך ניט, וואס־זשע זאָל טון אַ פרוי, וואָס האָט פלייש, בלוט, טעמפעראַמענט? באגראָבן דאָס אלעס אין אַ מאָנאַסטיר?...

שפיצבערג האָט אָפּ איר לאַנג געקוקט זיך געווישט דעם שווייס און געשוויגן. נאסטאַסיאַ האָט אָנגעהויבן רעדן העכער:

— איך בין זיך מתודה פאַר אייך. איך האָב ברוך זשוק קיינמאָל ניט ליב געהאַט. איך בין געווען אַ קינד מיט אמביציע און געוואָלט פרואוון מיין פרויען־כוח. מ'האָט געזאָגט, אז ער אַנטלויפט פאַר פרויען און איך האָב געוואָלט זען, צי ער וועט פון מיר אַנטלויפן. נו האָב איך אים באַזיגט... אַ טרויעריקער זיג געווען פאַר מיר. מיין צוזאַמענלעבן מיט אים איז געווען אַ שרעקלעכער פיין... איך רעד דאָך מיט אייך אָפן... ער איז געווען אַ שוואַכער מאַן און ער פלעג מיך מאַטערן... אויסגעניכטערט האָב איך זיך ניט. אַלץ אַזוי אומבאַוואוסטזיניק געווען אין מיין ווייבערישקייט און גענומען פאַרפולן מיין פוסט לעבן דורך אַ פלירט מיטן שריפטשטעלער פאַביאַן. ברוך האָט דערפאַר מיטן לעבן באַצאָלט... פאַביאַנען האָב איך אויך ניט ליב געהאַט. נאָר שרעקנדיק זיך פאַר ברוך'ס שאָטן, בין איך פאַביאַנען געווען געטריי, אָפּ קיינעם ניט געקוקט אפילו. און וואס געטרייער איך בין אים געווען, אַלץ מער האָט ער זיך פאַר מיר געשראָקן; איך שלעפּ אים אין דער טומאה אריין, פלעג ער זאָגן. איבערלאָזן האָב איך אים מורא געהאַט... און מיין געטרייקייט האָט אים אויך געפירט אין קבר אריין...

נאסטאַסיאַ האָט זיך צעוויינט און אַ לאַנגע צייט ניט געקענט קומען צו זיך. שפיצבערג איז געזעסן האַלב פאַרסטאַרטשעט, אָנצינדנדיק אַלעמאָל אַ נייעם פּאַפּיראָס און פאַרלעשנדיק אים נאָך די ערשטע צוויי צי. ער האָט זיך פלוצים אויפגעהויבן און ענערגיש אַ פרעג געטון:

— וואס־זשע ווילט איר פון מיר?

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיר מודה זיין, אַז איך בין אומשולדיק.

— וואָס־זשע וועט אייך אַרויסקומען?

— איר זענט דער נאָענטסטער פריינט פון ברוך'ן און עפּעס ווייזט זיך מיר אויס אַז דורך אייך וועלן זייערע שאָטנס מיר מוחל זיין...

— אייך טאָר מען אַזוי גיך ניט מוחל זיין, איר זענט אַ שלעכטער גייסט...

— איר רעדט פון גייסט? איר זענט געוואָרן אַ גאַנצער מעטאַפיזיק. נאסטאַסיאַ האָט זיך שווער באַהערשט, אַז זי זאָל זיך ווידער ניט צעלאַכן און אָנגעהויבן גיך רעדן:

— פאַרוואָס זוכט איר די סבה פון זייער טויט אין מיר, אין מיין גייסט און ניט אין זיי, ניט אין זייערע שוואַכע קערפּערס?

— איר האָט ביידע מאָל אָנגעהויבן...

— איך בין געווען א קינד פון מיין געשלעכט, אַ פרוי, וואָס בין איך שולדיק וואס איך האָב אָנגעטראָפן אַף שוואַכע מענער?

שפּיצבערג האָט מיד אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געענטפערט:

— איר זענט גערעכט, איר זענט אומשולדיק...

נאַסטאַסיאַ האָט זיך אים ארויפגעוואָרפן אַפן האלדז און גענומען קושן. אָנפאַנגס האָט ער געמיינט, אז ס'איז נאָר דאַנקבאַרקייט, נאָר דער־פילנדיק די ליידנשאַפטלעכע קאַנוואולסיעס פון איר קערפּער, האָט ער מיט א דערשטיקטן אָטעם אָנגעהויבן שרייען:

— וואס טוט איר?

נאַסטאַסיאַ פּאַווּלאָווּנאַ האָט פארשעמט אראָפּגעקוקט, ווידער ארויפ־גענומען אַף זיך דעם טויט־אויסזען און אַוועקגייענדיק מיט א קוים באַ־מערקבאַרן שמייכל באַ די ליפּן, האָט זי אַ זאָג געטון:

— איר זענט א נאַאיווער...

# די לעבנסגעשיכטע פון אַ קעלנער

דער מענטש טראכט ·
און דער קעלנער לאַכט.
(היינע).

1. — אַביסל אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון מיין העלד דעם קעלנער; פאַרוואָס ר'איז ניט געוואָרן קיין שרייבער.

ווי אַלע קעלנערס איז אויך מיין העלד געווען עלעגאַנט — גלייך ערשט פון דער ניי־מאַשין אַרויס, זויבער — גלייך ערשט פון דער וועש־פאַבריק און „כעמישער רייניקונג“ אַרויס — און האָט געהאַט אַ גלאַט, פעט פנים — אַ פנים, אין וועלכן מ'קען און מ'מעג שפּייען וויפיל דאָס האַרץ גלוסט און ס'בלייבט אַלץ גלאַט און פעט. אין איין פּרט איז ער אָבער ניט געווען ענלעך צו אַלע אַנדערע קעלנערס — ער האָט געהאַט אויגן. און מעגן די אַנאַטאָמיקער זאָגן און באהויפּטן, אַז אַלע מענטשן, אַפילו די דאָזיקע, וואָס זיינען ניט קיין מענטשן מוזן האָבן אויגן, פאַקט בלייבט פאַקט: קעלנערס האָבן ניט קיין אויגן. די פונקציע פון די אויגן איז דאָך צו זען און קעלנערס — כ'מיין די דאָזיקע, וואָס דינען אין „פיקאַנטע“ לאָקאַלן, ווי: רעסטאָראַנען מיט שאַמבר סעפּאַרעען און האָטעלן, וואָס האָבן קיילעכיקע טויערן, וועלכע פאַרשלינגען אַ גאַנצן קאָטש מיט פערד און פאָדקאָוועס און אַ גאַנצען אויטאָ מיט בענזין און שינעס — האָבן דאָך אַ פונקציע ניט צו זען. איר קענט זיצן מיט אייער דאַמע אין אַ סעפּאַרע און טון מיט איר וואָס מ'מעג און וואָס מ'טאָר ניט — איבערהויפּט ס'לעצטע — און דער קעלנער זאָל שטיין נעבן אייך און האָבן בלינדע שטיקער פלייש אַף דעם פּלאַץ, וואו אַלע מענטשן האָבן אויגן. מיין העלד אָבער האָט געהאַט אויגן און לעבעדיקע אויגן, אָבער — ער פלעגט קענען בשעת אַ „פיקאַנטן מאָמענט“ זיי באַהאַלטן מאַמזעריש ערגעץ אַף דער סטעליע.

און נאָך עפּעס האָט מיין קעלנער געהאַט, וואָס אַנדערע האָבן ניט: ער איז געווען אַ שטיק לעבנס פילאָזאָף. מודה זיין מוז איך דערביי אַז

איך בין חושד אין יעדן קעלנער אַ שטיק לעבנס פֿילאָזאָף, אָבער ווייטער ווי אַף אייגננוציקייט גייט די דורכשניטלעכע קעלנערישע פֿילאָזאָפֿיע ניט. א קעלנער דערקענט שוין תּיכּף. וואָס פֿאַר אַ „גאַסט" וועט זיך רויען אין השבון ווי א חזיר אין דער בלאָטע און וואָסאַראַ „גאַסט" וועט נאָר א פּוילן קוק טון אַף דער אונטערשטער שורה און וויפֿיל מ'זאָל אים ניט „איבערזאלצן" וועט זיך אים אַלץ אויסווייזן, אַז ער צאָלט ווייניק. א קעלנער דערקענט אויך, וואָסארא „גאַסט" האָט ליב מ'זאָל פֿאַר אים שטיין אויסגעצויגן גלייך, ווי איינשלינגנדיק א שטעקן מיט א גלייך הענטל און וואָסאַראַ האָט ליב מ'זאָל זיין מיט אים היימיש און דערציילן פּיקאַנטע סודות. מיין קעלנער איז אָבער געווען א פֿילאָזאָף פֿון אַ גאַנץ אַנדערן שניט, אים האָט אינטערעסירט די פֿילאָזאָפֿיע אַלס פֿילאָזאָפֿיע. ער האָט אַף זיך געקוקט ווי אַף דער לינקער האַנט פֿון רבונו של עולם. „סודות — פֿלעג ער זאָגן — ווייסן נאָר מיר דריי: דער רבש"ע, דער גלח און איך". ס'איז געווען גענוג ער זאָל איין קוק טון מיט די אויגן, וואָס ער האָט געהאַלטן אַף דער סטעליע, אַף א פֿרוי, אַז ער זאָל ווִיסן, צי זי איז א פֿרוי פֿון דער באַלעבאַטישער וועלט, וואָס האָט געלאָזט אין דער היים א מאַן מיט קינדער, צי א פֿרוי פֿאַר אַלע.

קוקנדיק אַף מיין קעלנער, פֿלעג מיר אויסווייזן, אַז ס'וועט מיט אים אַמאָל אַן אומגליק געשען: ער וועט פּלאַצן. ער איז געווען פֿול מיט לעבנס פּאַסירונגען ווי אַ מוראַשניק מיט מוראַשקעס, וועגן די דאָזיקע פּאַסירונגען האָט ער געהאַט געוויסע געדאַנקען, וואס האָבן אים געביסן דעם רוקנביין טאַקע ווי מוראַשקעס און די פּאַסירונגען האָט ער ניט געטאָרט דערציילן, דער קעלנערישער פּרינציפּ לויטעט דאָך: „הערן, זען און שווייגן" און די געדאַנקען — וואָסאַראַ טעם האָבן הוילע געדאַנקען, ווען זיי האָבן ניט קיין בילדער אונטער זיך? עס קומט אוים ווי הוילע זאַלץ, אָדער הוילע פּעטרושקע... איז ער טאַקע געווען ווי א קו, וואָס האָט פֿולע אייטערס און קיינער זויגט ניט און קיינער מעלקט ניט, אָדער ווי אַ מאָגן, וואס נעמט רק אַריין און גיט גאָר ניט אַרוים... ער פֿלעגט טאַקע זאָגן: „זאָל אייך גאָט ניט שטראָפֿן צו האָבן געדאַנקען און זיי ניט טאָרן ארויסגעבן, בעסער שוין ניט צו האָבן קיין געדאַנקען און יאָ אַרויסגעבן".

האָב איך אים אַמאָל געפֿרעגט:

— פֿאַר וואָס ווערט איר ניט קיין שריפֿטשטעלער? באַ אייך אין די הענט זיינען דאָך ניט נאָר די שליסלען צו טויזנטער לעבנס־רעטענישן און זייערע פּתרונות?

מיין קעלנער האָט טרויעריק אַ מאַך געטון מיט די אויגן און גע־זאָגט:

— עעך...

איך האָב דעם דאָזיקן עעך... פארשטאנען; ר'האָט באטייט: „איך קען ניט שרייבן". דאס דאָזיקע איז געווען פאר מיר קלאָר און העל ווי די מאניקירטע נעגל פון מיין באגלייטערן און אין מוח האָט מיר געבויערט א טרויעריקער געדאנק.

אין א שלעכטער געזעלשאפט לעבן מיר. אז קעניגן אָדער מיניס־טאָרן ווילן שרייבן און קענען ניט, האָבן זיי טויזנטער סעקרעטארן, כאָטש — וואס קענען קעניגן און מיניסטאָרן דערציילן און וואָס ווייסן זיי? און אז קעלנערס ווילן און קענען ניט שרייבן, האָבן זיי אפילו קיין איין סעק־רעטאר ניט, כאָטש — זיי האָבן אזוי פיל צו דערציילן און ווייסן אזוי פיל...

און אפשר איז גלייכער אזוי! אין א געזעלשאפט, וואו דער גורל פון טויזנטער שלום בית'ן איז אין די קעלנערס הענט, וואו א קעלנער וואָלט געקענט מיט איין פעדערשמיר צעשטערן טויזנטער משפּחות, אין אזא געזעלשאפט טאָרן קיין קעלנערס ניט האָבן קיין סעקרעטארן...

2. — די קינדהייט און יוגנט פון מיין העלד דעם קעלנער; זיין גרויסע טראגעדיע און זיין פילאָזאפישע קאנצעפּציע; אָדער ווי אזוי פון אפּטימיזם ווערט פּעסימיזם און פאַרקערט.

אין ערגעץ איז ניט פארצייכנט, וואו מיין העלד איז געבוירן גע־וואָרן, פּונקט אזוי ווי ס'איז אין ערגעץ ניט פארצייכנט געוואָרן וואו און ווען ער איז פארטראכט געוואָרן. ס'זיינען נאָך פאראן אין אונדזער פאר־שקלאפטער וועלט מענטשן, וואָס לעבן אזוי פריי ווי בהמות און חיות. אז א הונט מיט א הינטעבע פארטראכטן א קינד, גייען זיי ניט דערציילן וועגן דעם ניט דעם רב, ניט דעם גלח און ניט דער פּאָליציי. ס'איז דאָך ניטאָ קיין הינטישע רבנים, גלחים און פּאָליציסטן.

הויבט זיך אָן מיין העלדס ביאָגראפיע אזוי: האָט אמאָל א גאסן־פּאָליציסט געפונען באַ א ברעג פון א טייך א קינדעלע פון עטלעכע חדשים און דאָס געבראכט אין פּאָליציי אריין. פון דער פּאָליציי האָט מען דאָס קינדעלע געבראכט אין א קינדער־הקדש אריין און דאָרטן איז דאָס אָפּ־געווען אזוי לאנג ביז וואנען ס'האָט אָנגעהויבן פארשטיין, אז פון פעטש קען מען אנטלויפן און אז מ'האָט ניט וואָס צו עסן מעג מען גאנווענען, אז מען קען.

וואו זשע קען מען גאנווענען? אין מארק. און אז מ'גאנוועט אין מארק און מ'שלאָפט ניט אין פּאָליציי, שלאָפט מען אין מארק. איז ער

אזוי לאַנג געשלאָפן אין מארק, ביז וואנען מ'האָט אים אויפגענומען אין א קיך פון אַ מארק־לאָקאל אלס געפעס־וואַשער און ציבערן טראָגער. אַז מ'איז שוין אַ געפעס־וואַשער און אַ ציבערן־טראָגער אין אַ קיך פון אַ לאָקאַל און מ'איז נאָך דערצו כיטרע אַביסל, קריגט מען זייער לייכט דעם ערן־טיטל און עלעגאנטן־קאָסטיום פון א פיקאָלאָ.

א פיקאָלאָ איז מיין פארשוין געווארן אין א מין רעסטאראן, וואס האָט אַף די פלייצעס געטראָגן א צווייטן שטאָק אין וועלכן ס'איז געווען אַ האָטעל, ניט טאקע א האָטעל ממש, נאָר א מין האָטעל. די פיקאָלאָ־יאָרן געהערן צו די גליקלעכסטע, וואס מיין העלד האָט איבערגעלעבט. אמת, די קעלנערס פלעגן אביסל צו א בייזן און באַפעלערישן „פיקאָלאָ"! ארויס־לאָזן און קיין באָך און קיין סטוסאַק האָט דערביי אויך ניט געפעלט, אָבער — בעבעס און סטוסאקעס איז דאָך גאָר לייכט איבערצוטראגן, אבי ס'גייט נאָר איבער דער ווייטיק פארגעסט מען זיי, מיט די געשרייען איז עס אביסל ערגער; אָבער, אַז מען פארמאָגט אביסל פילאָזאָפישן סטאָאיציזם אין זיך און מען טראַכט זיך: „דערויף איז ער דאָך אַ קעלנער, אַז ער זאָל שרייען" און אויב מען פארמאָגט נאָך חוץ דעם פערעספעקטיוו און מען זאָגט זיך: „אַז איך וועל ווערן מיר־טשעם א קעלנער, וועל איך אויך שרייען" ,— דאַן איז די גאַנצע געשיכטע קיין שפּיי ניט ווערט. דערפאר האָבן אים די „דאמען" פונם האָטעל פארשאפט גליק אָן אַ ברעג. ס'איז געווען אין די צייטן, ווען אומשולד האָט זיך שוין אין די גאסן ניט גע־וואלגערט און אונדזער העלד איז געווען דער איינציקער אומשולדיקער פאר די פון דער וועלטס שולד פארשמירטע דאמען. האָבן זיי אים טאקע גע־צערטלט ווי א געטעלע. צו די איקאָנעס האָבן זיי אויך געבעטן, אָבער קיינמאָל ניט אַזוי אויפריכטיק, ווי צום פיקאָלאָ. מחנות'ווייז פלעגן זיי אים ארומרינגלען און פּשוט קניען פאר אים. מענטשן עסן תמיד אויף זייערע געטער און אונדזערע „דאמען" האָבן אַזוי לאַנג געקניט פאר דעם פיקאָ־לאָס אומשולדיקייט ביז וואַנען זיי האָבן זי אויפגעגעסן.

און דאמאלט טאַקע איז ער ארויס פון די פיקאָלאָ־הויזן און איז אריין אין די לאַנגע קעלנער הויזן. די באקן האָבן באַ אים אָנגעהויבן פול מיט פוך ווערן, די אויבערשטע ליפ האָט שוין געהאַט א פּאָר שטעכיקע הערלאָך און — דער עיקר — דער געדאַנק איז שוין געווען אַזוי זינדיק און האָט שוין געקענט ברייננגען די ווייטעקלעכסטע פארגעניגנס. און וואָס איז ווערט געווען דאָס, וואָס ער האָט שוין ניט געהערט דעם באַפעלערישן „פיקאָלאָ"! און ניט געכאַפּט מער קיין בעבעס און סטוסאקעס, נאָר ר'האָט פארקערט אליין געקענט שרייען „פיקאָלאָ"! און אליין געמעגט געבן בעבעס און סטוסאקעס? דאָס אַלעס איז געווען געווען גענוג, אַז פאַר די אויגן זאָל אים

כסדר פיין שמעקן, אין מויל און אין גאַנצן קערפּער זאָל זיך תמיד פילן א באַטאַמטקייט און ס'זאָל זיך כסדר ווענדן אויסשרייען:

— שיין איז די וועלט, גוט איז דאס לעבן!

ס'איז אָבער געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים נאָך מער גליק פאַרשאַפט. ער האָט זיך כסדר געפּאָרעט מיט זינד. ער איז געוואָרן א מיט צווישן מענער און פרויען און ער האָט כסדר געפילט דאָס זיסקייט פון דער זינד. אז א מאַן האָט אים איינגערוימט אין אויער א סוד און האָט אים דערביי געגעבן מיט א שפּיץ פינגער א שטאָרך אָדער א קיצל אין בויך האָט אים אַזש אָנגעהויבן פיבערן פאַר גליק...

ווער האָט עס זיך געקענט ריכטן, אז דאָס דאָזיקע מין, וואָס האָט אים געפיבערט פאַר גליק, זאָל אים מיט אַמאָל ברענגען א ביטערן אומ־גליק און אים פאַרוואַנדלען פון אַן אָפּטימיסט אין א פעסימיסט? געשען איז דאָס אַף אַזאַ אופן: ווען ער האָט דערפילט, אז סיי א מענטש, סיי א בהמה און סיי א חיה מוז האָבן א פּאָר, האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן זוכן א פּאָר. צווישן די „דאַמען" פון אויבן האָט ער אפילו ניט געוואָלט זוכן, ער האָט געוואוסט, אז זיי זיינען ניט פאַר אים. א פּאָר האָט ער געזוכט און געפונען צווישן די דינסטן אין קיך. ר'האָט געפונען איינע, וואס איז געווען אַזוי שמוציק, אז ר'איז זיכער געווען, אז זי איז ריין. האָט ער זי גענומען, אויסגעפּוצט און זי האָט אָנגעהויבן שיינען און באַשיינען דאָס גאַנצע לעבן זיינס. און דאָ איז געקומען דער בראָך: ווען ער איז איינמאָל געגאַנגען מיט איר און זי האָט געשיינט און ער האָט געשיינט און ס'גאַנצע לעבן האָט געשיינט האָט אים פּלוצים אָפּגעשטעלט א „קליענט" און געפרעגט:

— וואוהין פירסטו די דאָזיקע פיינע סחורה?

האָט ער זיך געפילט גלייך עמיצער וואָלט אים אראָפּגעוואָרפן פון גן עדן אין גהינום אריין און איז געבליבן שטיין ווי א תם און דער קליענט האָט אַף אים אפילו ניט געקוקט און ווייטער א זאָג געטון:

— פיר זי אַרויף צו מיר...

און געווען איז ער שוין דעמאָלט א הונדערט פּראָצענטיקער קעלנער. האָט ער זי אַרויפגעפירט און דאַמאָלס טאַקע האָט ער געביטן זיין פילאָזאָ־פישע קאָנצעפּציע: פון אַן אָפּטימיסט איז ער געוואָרן א פעסימיסט, אָבער פונם פעסימיזם איז ער תיכף איבערגעגאַנגען צום העפּקערפּעטרושקיזם און איז ווידער געוואָרן אַן אָפּטימיסט, אָבער שוין אַף דער לינקער זייט. זיין פילאָזאָפיע האָט זיך דאַן אַזוי אויסגעדרוקט:

— דו וועסט צונעמען בא מיר און איך וועל צונעמען בא דיר, דו וועסט מיך פאַרשמירן און איך וועל דיך פאַרשמירן... אז גליק מוז זיין בלאָטיק, טאָ כאַפּט דאס דער טיוול, איז געשלונגען מיט דער בלאָטע...

3. — די שטורמישע נאַכט פון מײַן העלד דעם קעלנער; זײַן „וועלט־שמערץ" און אײַפערזוכט; װי אַזױ ער האָט זיך באַרואיקט און דערצײלט אַ געשיכטע, װעלכע די קעלנערשע האָט ניט פאַרשטאַנען.

דער איבערגאַנג פון פעסימיזם צו הפקר־פעטרושקיזם איז מײַן העלד ניט גאָר גרינג אָנגעקומען, ער האָט פריער איבערגעלעבט אַ מורא'דיקן װײטיק װאָס געלערנטע רופן אים, װער װײסט זײ דאָרטן צי „װעלט־שמערץ", צי „אײַפערזוכט" און פאַר װעלכן דער קעלנער האָט קײן נאָמען ניט געװאוסט. דער דאָזיקער װײטיק איז אים געװען אי אין הארצן, אי אין קאָפּ. אין הארץ האָט עפּעס געבריט און געבראָטן, גלײַך עמיצער װאָלט אַרײַנגעלײגט אַהין אַ ברענענדיקע קױל, אָדער אַן אָנגעגליטע פּאָקרעשקע און אין קאָפּ איז נאָך געװען ערגער, ס'האָט אים עמיצער אָנגעכאַפּט די געהירן װי מיט אַן אָפּצװײַנגל און אים אַזױ געקװעטשט, אַז אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט אָט װעט דאָ עפּעס אָדער פּלאַצן, אָדער צעפּלעטשט װערן. דאָס אָפּצװײַנגל איז געװען אַ געדאַנק, װעלכער האָט געקװעטשט לאַנג, לאַנג:

— פאַר װאָס זײַנען פאַראַן קעלנערס און קליענטן?

און װען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן צװישן פיר אױגן מיט זײַן װײַבל, װעלכע „ער האָט אױסגעװאָשן און אַן אַנדערער האָט פאַר־שמוצט" איז געװען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. ער איז דעם גאַנצן אָפּדער־נאַכט געװען אין דער הײם, ס'איז דעמאָלט געװען זײַן רו און יום טוב־טאָג און ער איז פרײַ געװען אַ גאַנצן אױפדערנאַכט צו שלאָגן זיך מיט די קו־לאַקעס אין קאָפּ און מיטן קאָפּ אין דער װאַנט. זי איז אָבער געקומען פונם „קליענט" שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, געקומען אַ בלײכע, אַ פאַרמאַ־טערטע. אַ פּשוטע דאָרפסמײדל האָט זי זיך געפילט שלעכט מיטן גרױס־שטעטישן מאַן, װאָס האָט געהאַט אַ ליסע קאָפּ, װאָס האָט צו איר ניט גע־רעדט און רק געמוטשעט. אַ מענטש זעט אָבער נאָר זיך און זײַנע צרות און דער קעלנער האָט גאַרניט באַמערקט, אַז זײַן װײַבל איז צוריקגעקומען אַ בלײכע, אַ פאַרמאַטערטע מיט טרערן אין די אױגן און ער האָט זיך אַרױפגעװאָרפן אױף איר מיט די קולאַקעס, מיט די זעלבע קולאַקעס מיט װעלכע ער האָט זיך פריער אַלײן געשלאָגן אין קאָפּ אַרײַן.

און זי, די פּשוטע דאָרפסמײדל, האָט זיך געפילט שטאַרק גוט אונ־טערן האָגל פון זײַנע קלעפּ; װאָס מער ער האָט געשלאָגן, אַלץ מער האָט זי געפילט, אַז זי באַפרײַט זיך פון עפּעס אַ פּאַסקודסטװע, װאָס האָט זי געדרוקט; טרערן האָבן איר גערונען ריטשקעסװײַז און עפּעס אַראָפּגע־

וואשן. נאָר ווען די האָנען האָבן צום ערשטן מאָל געקרייעט אַף טאָג און זיי זיינען נאָך אַלץ געלעגן וואַכנדיקע און זיין-פריערדיקע ווילדקייט איז איבערגעגאַנגען אין צערטלעכקייט און די זעלבע הענט, וואס האָבן זי פריער געשלאָגן, האָבן זי געצערטלט — האָט זי צו אים געזאָגט:

— פאַר וואָס האָסטו מיך געשלאָגן? איך בין דאָך גאָרניט שולדיק, דו האָסט מיך דאָך אליין געשיקט.

און ווען זי האָט צו אים דאָס דאָזיקע געזאָגט, האָט זיך אים אויסגע־וויזן, אַז איצטער שלאָגט זי אים. און אירע „קלעפּ" האָבן אים אַ סאַך מער וויי געטון, ווי זיינע איר׳.. יעדער „קלאפּ" אירער האָט דערלאַנגט ביזן בלוט און ביזן מאַרך... און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אויך אַ סאַך מאָל געכאַפּט אַזוינע קלעפּ, ווי די דאָזיקע, וואס זי האָט היינט פון אים געכאַפּט. מ'האָט אים אַ סאַך מאָל געהייסן און געצוואונגען צו טון עפּעס אַ שלעכטע זאַך און דער זעלבער, וואס האָט אים געהייסן און געצוואונגען, האָט אים דערנאָך געשלאָגן, און דערמאָנענדיק זיך דאָס, האָט ער אָנגע־געהויבן וויינען, וויינען ביטער מיט אַ סאַך בלוטיקע טרערן און וויינענדיק האָט ער איר די פיס געקושט און מיט אירע הענט זיך אין קאָפּ אריין גע־קלאַפּט. און אַז זי האָט אים געזען וויינענדיק, איז בא איר אויך זיך עפּעס צעגאַנגען אונטערן האַרצן און ז'האָט אויך געוויינט.

און אין יענער נאַכט האָט דער קעלנער מיט דער קעלנערשע לאַנג געוויינט און דאָס האָניק-חודש-בעט זייערס, וואָס האָט אַזוי ווייניק פרייד געהערט, איז פול געוואָרן מיט טרערן. און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס'זיי־נען דאָרט געלעגן ניט קיין מענטשן נאָר חיות, אַ הונט מיט אַ הינטעכע אַ שטייגער, וואס פילן אַ גרויסן, גרויסן ווייטיק, נאָר ווייסן ניט מיט וואָס זיך צו העלפן און קאַוואָוטשען...

נאָר ווען ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג, איז פון אים די חיה פאַר־שוואונדן און דער מענטש האָט זיך צו אים אומגעקערט. דער קאָפּ און דאָס מויל האָבן זיך אים געעפנט און ער האָט אָנגעהויבן רעדן:

— „ס'האָט מיר — אמאל אין מאַרק, אַן אלטער בעטלער דערציילט די דאָזיקע געשיכטע און איך וועל זי דיר איצט דערציילן. ס'איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער שטורם און מיר האָבן ניט געקענט שלאָפן. דערציילט האָט ער זי מיר פּאַוואָלי, ר'האָט מורא געהאַט, אַז די נאַכט זאָל זיך ניט ציען נאָכדעם, וואס ער וועט ענדיקן. אָבער — געענדיקט האָט ער אַ סאַך פריער און די נאַכט האָט זיך נאָכדעם נאָך געצויגן לאַנג, אָן אַ סוף, ווי שפּינוועבס".

און ווען ער האָט צו איר אַזוי גערעדט, האָט זי זיך געטוליעט צו אים זיך קאַרטשנדיק און געקוקט אים אין די אויגן אַריין, פילנדיק, אַז פון זיינע אויגן וועט זי מער געוואוירע ווערן ווי פון זיין מויל. און אויסגעוויזן האָט זי ווי אַ פאַרנעצט קעצעלע, וואָס דער רעגן האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואַשן און וואָס זוכט אַ וואַרעמען שטראַל, אָדער אַ וואַרעם פלאַץ. און ער האָט געפילט, אַז אָנוואַרעמען זי קען ער נאָר מיט אַ געשיכטע און ער האָט אָנ־געהויבן דערציילן:

— „האָט אַמאָל אַ בן מלך געוואָלט קענען די וועלט. געבוירן גע־וואָרן איז ער אין זייד, געבאָרן האָט'ן אים אין פוטער און אין מילך, געשלונגען האָט ער גאָלד, נאָר די וועלט האָט ער ניט געקענט. ר'האָט קיינמאָל קיין טרערן ניט געזען, קיין ווייטיק ניט געפילט, קיין אָרימע ניט געזען, פון קריינק און טויט ניט געוואוסט.

„און ער האָט זיך אין וועג אַריין אַוועקגעלאָזט, אַוועקגעלאָזט ניט ווי אַ בן מלך רייטנדיק אויף אַ פערד און אַרומגערינגלט מיט אַ סוויטע, נאָר ווי אַ פראָסטער חי וקים מיט אַ שטעקן און מיט אַ טאָרבע און מיט־געגאַנגען מיט אים איז נאָר איין מענטש — זיין גוטער לערער.

„און וואס ער האָט געזען, האָט ער ניט פאַרשטאַנען, האָט ער גע־זען מענטשן שטיין אין פעלד און אַקערן, זייען אָדער שניידן, האָט ער ניט געוואוסט, וואס זיי טוען. און האָט ער געזען מענטשן בויען שטיבער האָט ער ווידער ניט געוואוסט, וואָס זיי טוען. און דער לערער און די וואס האָבן געאַרבעט האָבן אים אַלצדינג געגעבן צו פאַרשטיין. און האָט ער געזען אָן אַלטן האָט ער ניט געוואוסט פאַר וואָס ר'איז איינגעבויגן און פאַר וואָס ער האָט ווייסע האָר. און האָט ער געזען אַ קראַנקן, האָט ער ניט געוואוסט פאַר וואס ער קרעכצט. און האָט ער געזען אַ לוויה, האָט ער ניט געוואוסט פאַר וואָס מענטשן וויינען. און האָט ער געזען אַ אינגל מיט אַ מיידל זיך אַרומנעמען, האָט ער ניט געוואוסט צו וואס זיי טוען דאָס. און האָט ער געהערט אַ קימפעטאָרן שרייען, האָט ער ניט געוואוסט פאַר וואָס זי שרייט. און האָט ער געזען אַ מלחמה, האָט ער ניט געוואוסט פאַר וואס מענטשן שלאָגן זיך. און דער לערער און די מענטשן האָבן אים אַלצדינג געגעבן צו פאַרשטיין און ווען ס'איז שוין פאַריבער־געגאַנגען אַ יאָר, האָט צו אים דער לערער געזאָגט:

— „איצטער קענסטו שוין אַהיים גיין. דו ווייסט שוין ווי אַזוי מענטשן אַרבעטן ערד און בויען הייזער, פאַר וואָס מענטשן ווערן אַלט, קראַנק און טויט. פאַר וואָס מ'קושט זיך און פאַר וואָס מ'געבוירט קינ־דער, ווייסט שוין אַלצדינג.

„און דער בן מלך האָט געזאָגט:

— „איך ווייס שוין א סאַך, נאָר דעם סאמע עיקר ווייס איך ניט און ביז וואַנען איך וועל אים ניט ווייסן, וועל איך זיך ניט אהיימקערן.

„און ער איז געגאַנגען נאָך א סאַך יאָרן, אין וועלדער, אין פעלדער. ער האָט געזען ווי הינט צערייסן האָזן און לעקן זייער בלוט, ווי אָדלערס כאַפּן שעפעלעך, ווי איין חיה הארגעט די צווייטע און לעבט און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז עפּעס ווייסט ער שוין, נאָר נאָך אַלץ ניט אינ־גאנצן.

„און איינמאָל האָט ער געזען זיצן א רייכן פּריץ אין א קאַרעטע און רויכערן א ליולקע, האָט ער אָפּגעשטעלט די קאַרעטע און געבעטן דעם פּריץ, אז ער זאָל אים זאָגן פאַר וואָס ער רויכערט, און דער פּריץ האָט געענטפערט:

— „מ'עסט אמאָל באַם מיטיק צו פיל, צו פעט, צו זיס און ס'נודעט. רויכערט מען אביסל מ'זאָל פאַרטרייבן דאָס נודנעקייט", אויסרויכערן דאָס פעטקייט און פאַרביטערן ס'זיסקייט.

„און דער בן מלך איז ווייטער געגאַנגען; יאָרנלאַנג געגאַנגען. איינ־מאָל האָט ער געטראָפן אן אָרימען ציגיינער זיצן נעבן א ביידל און רוי־כערן א ליולקע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן ציגיינער און געבעטן, אז ער זאָל אים זאָגן פאַר וואָס ער רויכערט און דער ציגיינער האָט געענט־פערט:

— „מ'עסט אמאָל ווייניק, מאָגער, ביטער, ס'האַרץ ציט, חלשט, פאַררויכערט מען א ליולקע, אז ס'זאָל זיך פאַרטעמפּן און צופלעטשן און ניט אזוי שטאַרק נאָגן...

„און דער בן מלך האָט געזאגט צום לערער:

— „איצטער פאַרשטיי איך שוין אַלעס, מיר קענען שוין גיין אהיים".

ווען דער קעלנער האָט געענדיקט זיין געשיכטע, האָט דאָס ווייבל אַלץ געקוקט אים אין די אויגן אריין, ווי א נאַס קעצל, וואָס זוכט אביסל וואַרעמקייט און ער האָט געזען, אז זי פאַרשטייט ניט און צו איר אזוי געזאָגט:

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, נאַרעלע? מיך האָבן געשלאָגן מענטשן, וואָס ס'נודיעט זיי און איך האָב דיך געשלאָגן, ווייל ס'האַרץ האָט מיר געגאָגט און ווי געטון...

4. — מיין העלד דער קעלנער האָט מורא געהאַט צו דערציילן און ווען ער האָט שוין יאָ דערציילט, האָב איך מורא צו דערציילן; דער סוף, וואָס איז קיין סוף ניט; אַפּן אמת דאַרף מען וואַרטן.

אז מ'רעדט זיך אַראָפּ פונם הארצן, ווערט אויך דער קאָפּ ריינער. צור אַרבעט איז מיין טראַגישער העלד געגאַנגען אַ רואיקער. אַ רואיקער, אין אמת גערעדט, נאָר בנוגע זיך, מיט זיך און זיינע אייגענע צרות האָט ער שלום געמאַכט, בנוגע אַנדערע אָבער איז ער געווען בייז אויפגערעגט און בייסנד און נקמה'דיק ווי אַ וואָלף. „בין איך טאַקי — האָט ער זיך געזאָגט — ניט מער ווי אַ הונט, נו און אַז אַ הונט? לעקט מען איין באַ־לעבאָס און אַ צווייטן בייסט מען... און פאַר אַ נויט ווערט מען אַ קאַץ, מ'גאַנווועט זיך ארונטער צו די פייגעלעך און מען צערייסט זיי און דערנאָך מאַכט מען אַ פרומע צורה...“

און דער קעלנער האָט געביסן און געריסן. אַ „קליענט“ האָט תמיד אַ ווייב, אַ טאָכטער און די ווייבער און די טעכטער האָבן אויך תמיד די זעלבע תאוות, וואָס די קליענטן און נויטיקן זיך אויך תמיד אין דער הילף פון קעלנערס און אויב די קעלנערס זיינען יונג און שיין זאָגן זיי זיך פון זיי אַליין אויך ניט אָפּ...

נאָר פּאַוואָלי האָט דאָס בייזקייט אויסגעוועבט און ער איז געוואָרן אַ רואיקער ציניקער. רואיק פלעג ער אויסלייזדיקן די קעשענעס פון זיינע קליענטן און דאָס געלט פארשיכורן. רואיק פלעג ער צוטרעטן צו די ווייבער פון די קליענטן און פאַרפירן די טעכטער. און אויסגעוויזן האָט ער שוין דאַן ווי אַ געניטע קאַץ, וואָס שפּילט זיך רואיק מיט אַ קליין מייזעלע, זי לאָזט דאָס אַנטלויפן ווייט, ווייט און מיט איין שפרינג פּאַקט זי דאָס דערנאָכדעם...

אַך! וואָס מיין העלד דער קעלנער האָט אין זיין לעבן איבערגעטון... אַז ער פלעג אַף מיר קוקן אין די צייטן, וואָס איך בין געזעסן אין אַ סעפּאַרע וועלכן ער האָט באַדינט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער ווייסט נאָך מער ווי גאָט און ווי דער גלח, איבערהויפּט מער ווי גאָט, ווייל גאָט ווייסט דוכט זיך גאָרניט... און מורא האָבנדיק, אַז איך זאָל ניט אַריינ־פאַלן אין קיין קעלבערנע התפעלות און ניט אָנשרייבן קיין טראַגעדיע,

האָב איך מיר פארצייכנט גלאט אזוי אַ קופלעט, וואָס איז אפשר אביסל פילאָזאָפיש, אָבער קעלנעריש פילאָזאָפיש און וואָס לייענט זיך אזוי:

פארשיידענע מענטשן האָט גאָט
און אַלע צו מיר דאָ זיי קומען,
איך קאָן אייך אויסזאָגן אַ סוד,
נאָר בעסער וועל שפּילן דעם שטומען...

און איינמאָל האָט ער אויפגעהערט „שפּילן דעם שטומען“, איך בין געזעסן נאָך האַלבע נאַכט אַ ניכטערער אין א סעפּארע און כאָטש ס'איז די צייט ווען אין קאַבאַרע איז „דיר די וועלט אם ליבסטן“, איז דאמאלס קיין מענטשן ניט געווען, א גרויסער שטורם־רעגן האָט די טירן פאר־קלאַפּט און ער איז געווען פריי און אויפגעהערט „שפּילן דעם שטומען“... דערציילט א ים.

און ווען איך דערמאָן זיך, וואָס ער האָט דערציילט און ווען איך וויל דאָס אייך איבערדערציילן, דאַן פיל איך, אז איך דאַרף שפּילן דעם שטומען.

דעם אמת און דעם סוף טאָר מען קיינמאָל ניט אויסזאָגן!
אפילו אין דער ליטעראַטור אויך ניט!

און אפשר, ווען איך וועל עלטער ווערן און מיינע געפילן וועלן זיין קאַלט און מיין שכל שאַרף און איך וועל קענען אזוי דערציילן, אז מיינע ווערטער זאָלן ניט רייצן אייערע זינדיקע חושים, נאָר וועקן אייערע גוטע געפילן און ריינעם פאַרשטאַנד, אפשר וועל איך דעמאלט דערציילן דעם אמת און דעם סוף...

# פאַר דער אָפּעראַציע

אין שפּיטאָל איז געוואָרן שטיל; דער לעצטער זיפץ, וואָס האָט זיך נאָך פריער מיט אַ רגע געהערט פון שכנות'דיקן צימער איז איצט שוין געוועזן אָפּגעשטאָרבן, ווער ווייסט? אפשר צוזאַמען מיטן קראַנקן? שאָטנס זיינען געלעגן אויף די ווענט און זיך ניט גערירט, גלייך עמיצער האָט זיי צוגעקאָוועט. ווער ווייסט? אפשר דער טויט?

איימיק אַליין איז זיך סאַפּאָטשקע געלעגן אינם קליינעם שפּיטאָל־צימערל, זיך איינגעקוקט אין דער טונקלער צורה פונם רוים און אין די עטוואָס קוים ליכטיקערע שאָטנס פון די ווענט, זיך איינגעהערט אינם אָפּקלאַנג פון די פאַרשטאָרבענע זיפצן, וואָס איז איר נאָך פאַרבליבן אין אויער און געדוכט האָט זיך איר, אַז זי איז אויף אַ בית עולם, זי איז דאָ די איין און איינציקע לעבעדיקע צווישן אַ סאַך טויטע, פונקט ווי זי וועט מאָרגן שוין זיין די איינציקע טויטע צווישן אַ סאַך לעבעדיקע.

די איינציקע טויטע... דער לעצטער קאָנסיליום האָט איר קלאָר געזאָגט, אַז אָן דער אָפּעראַציע קען זי ניט בלייבן לעבן און זי האָט זיך אונטערגעגעבן, איינגעוויליקט אויף דער דאָזיקער אָפּעראַציע, וואָס וועט זי סיי ווי מאַכן פאַר אַ טויטע. זי האָט שוין אפילו אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן, אַ וואַנע גענומען, זאָרגזאַם, ווי אַ פרומע כלה פאַר דער חופה אַלע טיילן פון קערפּער אויסגעוואַשן און איצטער איז זי געליגן אין אָפּגעשוואַכטע, אַ צערייצטע און געוואַרט אויפן גורל'דיקן טאָג.

אין דערפרי וועט זי זיין די ערשטע דאָרט, אויף יענעם לאַנגן טיש. אַ שווער כלאָראָפאָרם־זיפּל וועט איר ליגן אויף דער נאָז, טריפן, טריפן און זי וועט ציילן... איינס, צוויי, דריי... ביז דרייצן אָפּציילן געוווים ביז דרייצן... דער פרעמדער דאָקטאָר וועט אומגיין מיט זיינע לאַנגע, דאַרע הענט און שפּיציקע מלאך המות פינגער אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון איר קערפּער... ווינקלען, וואָס זי האָט באַהאַלטן אפילו פאַר די פיר ווענט פון איר צימער, איינמאָל נאָר זיי אַ משוגענעם מאַלער געוויזן... אומגיין מיט די שפּיציקע מלאך־המות פינגער, אַ מעסער נעמען און דערנאָך וועט געשען דאָס וואָס וועט זי מאַכן פאַר אַ טויטע צווישן לעבעדיקע...

אזוי גיך איז עס געשען. שוין דער סוף. ווי לאַנג איז דען געווען דער אָנהויב? קיין צען יאָר נאָך ניטאָ. א קליין מיידעלע געווען, קוים זיבעצן יאָר אָפּגעציילט, מ'האָט זי חתונה געמאכט נאָך איידער די פרוי איז אינגאַנצן דערוואַכט געוואָרן אין איר. א קליינע און א שוואַכע געווען און קאַלטע בלוטן געהאַט. צומאָל נאָר, לייענענדיק ראָמאַנען, פלעג זי פילן א גלי באַם האַרצן און אַ פיבער־גרויל אין קערפּער, ווייטער איז זי געווען רואיק. אַפן שענסטן אינגל האָט זי געקוקט מיט אירע טויבן־אויגן, ניט פילנדיק גאָר ניט... האָט מען זי אַרויסגענומען פון דער נאָענט שול און חתונה געמאַכט. און ער, דער מאַן, האָט דער ערשטער אין איר די פרוי דערוואַכט. א נמאס'ער געווען, א האַלב נאַקעטן קאָפּ געהאַט, א פעט פנים מיט א סאַך גראָבע קנייטשן, די קליינע אויגעלעך מיטן ברייטן מויל און גוידער האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסזען פון א היפּאָפּאָטאַם. פיס האָט ער אויך געהאַט גראָבע און דאס שמאַלץ האָט זיך איבער זיי געקנייטשט און געבויגן אַלץ ווי באַ אַ היפּאָפּאָטאַם. און א קאַלטער איז ער געווען עפּעס ווי א וואַסער־שרץ. און ער האָט אין איר די פרוי דערוואַכט, אזוי גראָב עס געטון, נעכטן ערשט געווען א פרעמדער און היינט שוין באַלעבאַטעוועט איבער איר ווי איבער ניט קיין לעבעדיקער זאַך. אַזוי ווי א חזיר האָט ער דעמאָלט אויסגעזען. אין די קאַלטע אויגן האָט זיך באַ אים קיין שמייכל קיינמאָל ניט געוויזן.

און ליידנשאַפטן האָט ער אין איר אָנגעצונדן, ליידנשאַפטן, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט באַפרידיקט, ווי א רוח געררייצט און געלאָזט א צערייצטע... ער איז געווען אזוי עגאָאיסטיש אין זיינע באַציאונגען צו איר, ער האָט נאָר זיך גענומען, אַלץ מוטשענדיק און פאַרמוטשענדיק זי. געגעבן האָט ער גאָרניט. איז זי פון ליידנשאַפטן שיעור ניט פאַרברענט געוואָרן, פון ליידנשאַפטן צו אַנדערע, ס'פּנים איז באַ איר געוואָרן איבערגעבערענט ווי קאַווע, פול מיט פרישטשעס און די שטילע טויבן־אויגן האָבן געברענט, גלייך זי האָט זיי נאָך דריי שלאָפנדע נעכט אויפגעריסן. און קיין אַנדער באַקענטן מאַן חוץ אים האָט זי ניט געהאַט. זיי זיינען געווען אַף דער חתונה־רייזע. און דעמאלט טאַקע איז געשען דאָס, וואס ברייננגט דערצו, אז זי זאָל מאָרגן ווערן אַ טויטע צווישן לעבעדיקע...

אין דער שווייץ איז עס געווען. די חתונה רייזע האָט שוין געהאלטן בא פארענדיקט ווערן. זי איז איר מאַן שוין געווען נמאס; ער פלעג זי שוין לאָזן באַנאַכט אליין און גאַנץ פרי פלעג ער אוועקגיין אין די בענק אריין פירן געשעפטן. ער פלעג זי אויפוועקן, אנמוטשען מיט זיינע קאַלטע לאַסקעס און אוועקגיין. האָט זי איינמאָל דעם דינער גערופן, אים אָנגעקוקט און געשוויגן און דאָס צווייטע מאָל האָט זי אים געהייסן ער זאָל איר אַריינ־

שיקן דעם שענסטן מאַן פון האָטעל. דער דינער האָט זי אידיאָטיש אָנגעקוקט און ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען איז צו איר אַריינגעקומען אַ מאַן און אַזוי איז שוין געווען אַלע טאָג. אַלע טאָג האָט זי דער דינער אידיאָטיש אָנגעקוקט און אַ מאַן אַריינגעשיקט.

און איינמאָל אין אַ באַנאַכט האָט זי זיך געוואָרפן אין שרעק און צו איר קאַלטן מאַן זיך געטוליעט. ער האָט ניט געוואוסט פאַר וועמען זי האָט מורא און זי האָט אַלץ געציטערט. זי האָט באַטאָג געזען אין האָטעל אַ גרויסן, ברייטפּלייצעדיקן רוסישן אָפיציר, אָנגעטון קאַווקאַזיש, ווי אַ כאַדזשי מוראַט און זי האָט זיך געשראָקן פאַר אים, ס'האָט זי געצויגן און זי האָט זיך געשראָקן. זי האָט אַזוי בולט געזען אַ גאַנצע נאַכט זיין שוואַרץ פּנים מיט די גרויסע ווייכע אויגן, ווי בא אַ בהמה... און אין דער פרי, ווען דער מאַן איז אַוועק, האָט זי גערופן דעם דינער און זיך געהייסן שיקן דעם גרויסן, ברייטפּלייצעדיקן כאַדזשי מוראַט.

און דערנאָך איז זי קראַנק געוואָרן: פריער זי און דערנאָך דער מאַן. און ווען דער מאַן איז מיט איר צוריק פון דאָקטער געקומען, האָט ער זי איבערגעלאָזט, גראָב איבערגעלאָזט, די זאַכן פאַרנומען און אַוועק. קיין גוטן טאָג ניט געזאָגט, קיין געלט אַף הוצאות ניט געלאָזט. אַ מאַנספּאַר־שוין פון האָטעל האָט איר אַף הוצאות געגעבן.

איז זי צוריק צו אירע טאַטע־מאַמע אַוועק, ווידער אין איר מיידליש צימערל זיך באַזעצט. אין דער הויך איז דאָס צימערל געשטאַנען, איינס אָפן גאַנצן אויבערשטן שטאָק. און ליכטיק איז עס געווען דאָס צימערל אַזוי ווי אַ לאַמטערן, פון דריי זייטן האָט אין דעם די זון אַריינגעקוקט. און פרום האָט דאָס צימערל אויסגעזען, ווי אַ מאַדאָנע־צעלט. ס'מיידלישע בעטל איז מיט אַ ווייסן פאָרהאַנג געווען פאַרהאַנגען און אַף די ליכטיקע ווענט האָבן פרומע בילדער געהאַנגען. איין בילד נאָר איז געווען מיט אַ רמז אַף עראָטיק. „אַנהויב פרילינג אין גאָרטן" — פון די בוימער האָבן זיך די דינע אָדערן אַרויסגעזען און שטילע ליידנשאַפט האָט אין זיי געשטראָמט...

און קיינער האָט איר צימערל ניט באַטראָטן, פונקט ווי קיינער האָט דעם סוד פון איר קראַנקהייט ניט געוואוסט. שטיל געליטן, גאַנצע נעכט געליטן, וואָס גרעסער די ליידנשאַפטן זיינען געוואָרן, אַלץ גרעסער זיינען די ווייטאָקן געוואָרן.

האָט אַ שאָטן פון אַ מאַן בא איר אונטן אַרויפגעקוקט. פריער בליקן נאָר געוואָרפן און שפּעטער בלומען. און איינמאָל האָט זי אים דערלויבט אַרויפצוגיין. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט זיידענע האָר, אַזוי ווייך זיינען זיינע האָר געווען, אַז די פאַבריקמאַכערס פלעגן אין זיי פאַרליבט זיין. און

צווי אויגן האָט ער געהאַט, האָט זיך אין זיי געגלוסט קוקן ווי אין אַן אויסגעשטערנטן הימל פון אַ לבנה־לאָזער נאַכט. פלעג זי גלעטן זיינע האָר און קוקן אים אין די אויגן אריין. אירע פרומע טויבן־אויגן זיינען געווען אַזוי בלוי און אַזוי שטיל, ווען זיי האָבן געקוקט אַף אים. טרערן האָבן זיך געוויזן צומאָל אין זיי, פייער קיינמאָל ניט...

און ער האָט געוואָלט זי זאָל אים אַ פרוי זיין און זי האָט ניט גע־קענט, זי האָט עס אויך ניט געדאַרפט, איר איז געווען גענוג צו קוקן אַף אים און גלעטן זיינע האָר, האָט ער זי איבערגעלאָזט, אויפגעהערט צו קומען צו איר. אַף עטלעכע וואָכן זיך פאַרשפּאַרט אין צימער בא זיך, אַ באָרד זיך פאַרלאָזט און אַרומגעשפּאַנט ווי אַ משוגענער. זי האָט אים גע־זען, זי פלעג אָפט נעבן זיין פענסטער שפּאַצירן.

און פלוצים האָט ער זיך אין גאַס געוויזן. אַ פרישער, אַן אויסגע־פוצטער, נאָך אַ שענערער ווי פריער און מיט אַ פרוי אָנגעהויבן שפּאַצירן. טאַקע מיט אירער אַ קינדהייטס חבר'טע. גאַנצע נעכט פלעגן זיי שפּאַצירן נעבן איר פענסטער. זי פלעג ליגן אַ געקאָרטשעטע פון ווייטיק און הערן ווי זיי לאַכן, קושן זיך און לאַכן...

אַ גאַנצן זומער האָט זיך אַזוי געצויגן... זי האָט זיך דאַן אַ גאָרטן געמאַכט, בלומען פאַרזייט, אַ טויבנשלאַק זיך געמאַכט, אָנפילן דאָס בעט פלעג זי זיך מיט בלומען און טייבעלעך, קילן דאָס הייסע לייב און צי־טערן... און ווען זיי האָבן אויפגעהערט שפּאַצירן נעבן איר פענסטער איז נאָך פוסטער געוואָרן, אַ חוץ אַ נמאסן פיזישן ווייטיק האָט זי גאָרניט געפילט...

און ווען זי האָט שוין די ווייטיקן מער ניט געקענט איבערטראָגן, האָט זי זיך צו דאָקטוירים געווענדט. ברר... אַזוי עקלהאַפט פלעגן זיי, די דאָקטוירים אַף איר קוקן, בא אַלע פלעגן די אויגן נאַס ווערן. האָט זי אַ שפּיי געטון און אויפגעהערט גיין...

וויפיל יאָרן האָבן זיך אַזוי אַוועקגעצויגן? אפשר ווייסן די איבער־געלייענטע ביכלעך? אפשר ווייסן די טייבעלעך? אפשר — די בלומען?... נאָר ווען זי האָט זיך ווידעראַמאָל צו דאָקטוירים געווענדט, איז שוין געווען צו שפּעט. אַלע האָבן געזאָגט, אַז זי דאַרף אַן אָפּעראַציע אַזוינע, וואָס וועט זי מאַכן פאַר אַ טויטע צווישן לעבעדיקע, וואָס וועט זי מאַכן פאַר אויס פרוי. זיבן און צוואַנציק יאָר אַלט געווען, נאָך קיין טראָפּן גליק ניט פאַרזוכט און שוין?...

און זי האָט זיך באַשלאָסן דאָס גאַנצע לעבן אונטער די שפּיציקע מלאך־המות פינגער מיטן שאַרפן מעסער שטרעקן. און איצטער איז זי געלעגן אין שפּיטאָל און געוואַרט אַף איר גורל'דיקן טאָג. דאָס צימער האָט

איינגאנצן באהערשט א ווייסע שטילקייט און זי האָט זיך איינגעהערט און געשווינג און געווארט, פאר די אויגן האָט עמיצער איר אַנדערגעשטעלט אַ שוואַרץ נעקראַלאַגן רעמל און אין דער מיט פון דעם נעקראַלאַגן רעמל איז איר נאָמען געווען אויסגעצייכנט: „סאפאטשקא“.

האָט זי פּלוצים פון בעט זיך אראפּגעשלייכט און דעם לאָדן אויפגעפּראַלט. א ברענענדיקער לאַמטערן האָט דורכן פענצטער אריינגעקוקט און די שאָטנס פארטריבן. און געלאַכט איר אין פּנים אריין האָט ער דער לאַמטערן, ווי א לץ, האָט זי זיך נאַקעט אויסגעטון און דעם לאַמטערן איר קערפּער געוויזן. ווייס איז איר קערפּער געווען ווי בא א נימפע און שטייף די ברוסטן, ווי בא אַ יונגפרוי. און אַז זי האָט זיך אין אַ שוואַרצן טוך איינגעהילט, האָט זי ווי א מאָדאָנע אויסגעזען. א ליכטיקע אזא מיט א קליין רונד פּנימל און שטילע טויבן־אויגן און האָבן זיך די אויגן ברייטער געעפנט, האָט זיך גלייך ס'האַרץ ברייט צעעפנט, א בלוי־שטיל קלאַפּענדיקעס. אויסגעברענט אין דער מיט פון א שוואַרצער קויל... און עטלעכע מאָל האָט זי איר קערפּער דעם צימער און דעם לאַמטערן געוויזן און צוריק אים פארדעקט. עפעס האָט זיך איר געדוכט, אז עמיצער דאַרף קומען און איר קערפּער כאַפּן און אים פרעסן, פרעסן... און קיינער איז ניט געקומען...

און אונטן בא דער טיר איז איוואַן דער וועכטער געשטאַנען. א געשטופּלטער אזא, מיט קליינע פויעריש־חזירישע אויגן, אָבער אַ הויכער, א ברייטער מיט מענערישקייט אין גאַנצן קערפּער. האָט זי זיך אין אים דערמאָנט, מיט די שטילע טריט פון די ווייכע שפּיטאַל שטעק־שיך פון די טרעפּ אראָפּגעשפּרונגען און צו אים א געשריי געטון:

— איוואַן, גיכער!

און ווען איוואַן איז צו איר אין צימער אריין אין איבערגעשראָקענער. האָט ער זי געטראָפן א נאַקעטע. ער האָט אנטלויפן געוואָלט, נאָר זי האָט אים מיט גרויס־צערייצטע אויגן און מיט א גראָב מענעריש קול געזאָגט:

— איוואַן, בלייב מיט מיר... ס'איז מיין לעצטע נאַכט, מאָרגן וועל איך זיין א טויטע צווישן לעבעדיקע, מאָרגן וועל איך קיין פרוי ניט זיין...

און איוואַן איז געבליבן שטיין אַ צעמישטער נעבן איר, שווער אָטעמענדיק און זי האָט פון אים די קליידער געריסן — — — — — —

# פאָרפאַלניקעם

I

געטראָפן צום ערשטן מאָל האָט זיך חבר בעני מיט חבר'טע טעאָ־דאָרא אין א דריט קלאַסיקן וואגאָן, געטראָפן און אף א לאנגער צייט זיך פאראייניקט און זיך ניט צעגאנגען ביז וואנען ס'איז ניט געשען מיט זיי א מאָדנע מעשה: א שווארצע קאַץ איז פארבייגעלאָפן צווישן זיי...

ס'איז געווען א ווינטערדיקער נאָכמיטיק, בעת זיי האבן זיך באַ־געגנט. די ערד, א באדעקטע מיט שניי האָט דאַן געשיינט און געבלענדעט די אויגן מיט איר ניט באטראָטענער ווייסקייט און דער הימל האָט זיך אַלץ געבויגן צו דער ערד און געקוקט מיט טונקלער מרה שחורה. ער איז געזעסן אין באַן פון א שטילער, זייטיקער ליניע, וואָס האָט געפירט צום שטעטל ק ר א ש ע נ י — א קליין שטעטעלע, אין וועלכן ס'האָט זיך געפונען א בריגאַדע מיליטער — און געווארט אף איר. ער איז דאַן גע־קומען פון אַן אנדער קליין שטעטל און זי האָט געדארפט קומען פון צענ־טער מיט צוויי רענצלעך „ליטעראטור", איינס פאר אים און איינס טאקע פאר איר אליין, וועלכעס זי האָט געדארפט פארטיילן לויט זיינע אינ־סטרוקציעס — ער האָט גוט געקענט די געגנט, געהאט א זיכער קווארטיר און א סאַך פארטרויאונגס מענטשן צווישן די סאָלדאטן און אפילו אפי־צירן אין יעדע רעגימענטן פון דער בריגאַדע. אין וואגאָן זיינען געפאָרן סאַמע פויערים און ער, אין א גרויסן פעלץ און אין א גרויסער קוטשמע, וואָס האָבן אים אזוי ארומגעהילט, אז ר'האָט זיך קוים ארויסגעזען, האָט אויך אויסגעזען ווי א יונגער פויער. פאר די לעצטע זיבן־אכט חדשים זיינען זיינע געזיכטס־צוגן אזוי פארהארטעוועט און פארגרעבט געווארן, אז קיינעם וואָלט אפן זינען אפילו ניט געקומען, אז ר'איז א אידיש אינגל. א לאנגע צייט איז ער געזעסן באַם פענסטער און געקוקט אין דרויסן ארויס. די ליניע איז געווען א שטילע, זעלטן האָט מען געזען א רואינירטן וואגאָן, וואָס איז געשטאנען הפקר־פארלאָזט אף דער ווייסער וועלט, אָדער א הונט, וואס האָט זיך געוועט אין שניי נעבן א פארמאכטן כוטאָר.

פון דער איינטאָניקייט, וואס איז אלץ געלאָפן צוריקוועגס מיט א שווינד־לענדיקער גיכקייט, האָט זיך אים דער קאָפּ אָנגעהויבן דרייען און ער איז אוועקגעגאנגען פון פענסטער און זיך ארייגגעזעצט צווישן די פּויערים. ער האָט גענומען דרייען א ציגאַר גלייך ווי זיי, און רויכערנדיק שוין האָט ער געפּרואווט שפּייען ווי זיי מיט א קלינגנדיקן „טשיק", ער האָט אפילו אמאָל זיך געפּרואווט פארזיכטיק ארייננווארפן א פּאָר ווערטער — אין זיין רומעניש רעדן האָט זיך נאָך אלץ געפילט א אידישער אקצענט.

זיצנדיק אזוי, האָט ער איינגעדרימלט און ווען ר'האָט זיך אויפגע־כאַפּט איז מען שוין לאנג פארבייגעפארן די סטאַנציע, וואו זי האָט גע־דארפט אויפשטייגן. ער האָט זיך אומגעקוקט אַף אלע זייטן, אין וואגאָן איז געווען איין פרוי, אָנגעטון ווי א שטאָדטישע דינסט און מיט אן אויס־זען אויך פון אזעלכער. חבר'טע טעאָדאָרא האָט ער ניט געקענט, אָבער נעהערט האָט ער פון איר א סאַך, ר'האָט געוואוסט, אז זי איז א זייער שיין און זייער לעבעדיק מיידל. ר'האָט אפילו געוואוסט, אז חבר פּראָ־מעטעי, וואָס איז ניט לאנג פארמשפּט און פארשיקט געווארן אַף אייבי־קער קאטאָרגע האָט מיט איר געלעבט און חבר פּראָמעטעי איז דאָך אן אריסטאָקראַט, א געוועזענעם מיניסטערס א זון און אן איבערקלייבער אין פרויען אנגעלעגנהייטן. ער האָט זיך דערפאַר שווער פאַרגעשטעלט, אז די דאָזיקע דינסט זאָל זיין חבר'טע טעאָדאָרא. אָבער די סטאַנציע, וואו זי האָט געדארפט אויפשטייגן איז מען דאָך שוין לאנג פארבייגעפאָרן, קיין אנדער פרוי איז ניטאָ און מער קיין דריט קלאַסיקער וואַגאָן איז אויך ניטאָ, האָט ער באַשלאָסן, אז דאָס איז זי. פארשטייענדיק, אז אינם צענטער האָט מען איר איבערגעגעבן גענוי זיינע סמנים און דאס אויסזען פון זיינע קליידער און מערקנדיק, אז זי האָט א פּאָר מאָל זייער פארזיכ־טיק געוואָרפן אַף אים בליקן, האָט ער זיך ארויסגערוקט פון צווישן די פּויערים, אויסגעזוכט א פרייע באנק און זיך אנידערגעזעצט. זי האָט צו אים לייכט א שאָקל געטון תיכף מיטן קאָפּ און א וואָרף געטון א בליק. אין דעם דאָזיקן בליק האָט ער שוין דערקענט, אז דאָס איז ניט קיין דינסט און אויך דערשפּירט איר שיינקייט, פון וועלכער מ'האָט אים אזוי פיל גערעדט. ער האָט זי פּאַוואָלי אָנגעהויבן באַטראַכטן, א רעד געטון צו איר עטלעכע אומבאַדייטנדע ווערטער און זיך גענומען צורוקן צו איר מעשה־שייגעץ צו א שיקסע. אָבער איידער ער האָט נאָך אוספּעיעט רעכט צו זעצן זיך נעבן איר, האָבן באַלד אויסגעוואַקסן נעבן זיי אלע פּויערישע שקצים פון וואַגאָן, זיך גענומען גראָב ווערטלען מיט איר און צו מאָל אויך א טאָרע טון. זי האָט זיך ניט פארלוירן, אַף אלעם אָפּגעענטפערט מעשה־שיקסע. גאָר דרייסט, אָבער די אויגן האָט זי געהאַלטן אראָפּגעלאָזט,

ניכר, אז זי האָט מורא געהאַט מ׳זאָל ניט דערקענען אירע אידישע אויגן. ווערטלענדיק זיך מיט די שקצים, איז איר דאָך געלונגען ארויסצוטאַפּן באַ בענין דעם „פּאַראָל״ און איבערצייגנדיק זיך, אז דאס איז ער, איז זי געוואָרן גאָר לעבעדיק.

באַ דער צווייטער סטאַנציע זיינען די שקצים אראָפּגעגאַנגען און זיי האָבן שוין געקענט פריי שמועסן. עס זיינען אפילו ארויפגעקומען אנדערע פּויערים און שקצים, נאָר יענע האָבן זיי שוין אפּנים באַטראַכט אַלס מאַן און ווייב און זיך נעבן זיי שוין ניט געזעצט. ניט האַבנדיק געוועזן שוין אַ לאַנגע צייט אין דער געזעלשאַפט פון אַ פרוי, האָט ער זיצנדיק הארט נעבן איר און פילנדיק איר ווארעמען אָטעם, דערשפּירט אַ ליידנשאַפטלעכן ציטער און אריינגענומען איר האַנט אין זיינער; איר האַנט איז געוועזן אַ קליינינקע, אַ פּוכקע, אַ קאַלט־פרישע, ס׳איז געוועזן אנגענעם זי צו האַלטן און ער האָט זי שוין מער ניט ארויסגעלאָזט, זי גערדרייט און זיך געשפּילט מיט איר. האַלטנדיק אזוי איר האַנט, האָט ער איר דערציילט, אַז אַמאָל, צוריק מיט צוויי יאָר, איז ער געוועזן אַ שטארק צוריקגעהאַלטענער און זיך געקענט תמיד באַהערשן, איבערצייגנדיק זיך אָבער, אז דאָס ברענגט קיינעם ניט קיין נוצן, ס׳רויבט אַוועק, פארקערט, אַ גרויסע טייל פון דער ענערגיע און פון די געדאַנקען, וועלכע מ׳קען בע־סער פאַרווענדן, האָט ער זיך אויפגעהערט צו באַהערשן און נעבן אַ פרוי, איז ער אַ מאַן... טעאָדאָראַן האָט אפילו אביסל געוואונדערט, וואס ער רעדט מיט איר פון... יענע זאכן, נאָך איידער ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אַפּן צענטער, נאָר קלערנדיק, אז ער טוט דאָס אוים פארזיכטיקייט, האָט זי אים מוחל געוועזן. פּאַוואָלי האָט זי אים אויך דערפילט, ס׳האָט זי גערייצט זיין פּויעריש אויסזען און כאָטש זי האָט געוואוסט, אז ער איז אַ אידיש אינגל, גלייך ווי זי אַ אידיש מיידל, האָט זי זיך דאָך פאר־געשטעלט, אז ר׳איז אַן אמת׳ער פּויער און מיט פארגעניגן זיך געלאָזט דרייען און דריקן די האַנט. דער אינסטינקט פון פארזיכטיקייט, וואס איז באַ איר געוואָרן אַ צווייטע נאַטור, האָט זי געבראַכט, אז זי זאָל פּלוצים ארויסרייסן די האַנט פון זיינער און אָנבויגנדיק זיך צו אים נאָ־ענט, אז זי האָט אים ממש אָפּגעבריט מיט איר אָטעם, האָט זי אים שמייכלענדיק געזאָגט:

— איר דרייט די האַנט, ווי אַ שטעדטישער... איר וואָלט זיך גע־דאַרפט אויסלערנען באַ די פּויערישע שקצים ווי אזוי זיי פלירטן...

די אומגעלומפּערטע באַוועגונגען, וואס זי האָט בשעת מעשה גע־מאַכט מיט די עלענבויגנס, האָבן דערוויזן, אַז זי האָט גוט דורכשטודירט,

ווי אזוי די שיקסעס האלטן זיך און ער האָט זיך געפּרואווט דערמאָנען, ווי אזוי א שייגעץ גיט א „שטורך"...

דער וועג ביז קראַשעני האָט זיך נאָך געצויגן א פּאָר שעה און דאָך איז די צייט אומבאמערקט איבערגעלאָפן; זיי האָבן ביידע פאַר־געסן, אז זיי זיינען „געפערלעכע מענטשן" און צו יעדער צייט קאָן עמיצער ארויפלייגן א האנט אף זיי און זאָגן: „קום!„ דאַרפן זיי זיך אף א לאַנגער צייט אָפּגעזעגנען מיט דער ליכטיקער שיין. זעענדיק, אז זיי זיינען שוין בא דער פאַרלעצטער סטאַנציע. האָט בעני א זאָג געטון:

— איך קלער: ווען איך וואָלט באגעגנט א חבר, ניט קיין חבר'טע, וואָלט די צייט אויך אזוי גיך פאַרגאַנגען?

— אן אינטערעסאַנטע חבר'טע — האָט טעאָדאָרא געענטפערט — איז א מיר אליין איינס, ווי אן אינטערעסאַנטער חבר.

בעני האָט א וואָרף געטון אן אומגלויביקן בליק אף איר. אין זעלבן מאָמענט איז ארויפגעקומען דער שעף פון דער סטאַנציע און א פרעג געטון אָנווייזנדיק אף א רענצל:

— וועמענס איז דאָס רענצל?

בעני האָט אוספּעיעט א זאָג צו טון צו איר:

— רואיק, ס'איז ניט קיין „שפּין".

און טעאָדאָרא האָט זיך אויפגעהויבן און געענטפערט:

— ס'איז מיינס!

— און דאָס וועמענס איז — האָט דער שעף געפרעגט אָנווייזנדיק אפן צווייטן?

— אויך מיינס — האָט טעאָדאָרא געענטפערט.

— פון וואנען קומען צו דיר רענצלעך — האָט דער שעף ווידער געפרעגט?

טעאָדאָרא האָט זיך שיר ניט פאַרלוירן, אָבער בעני האָט צו איר אליין געשריגן „רואיק" און זי האָט געענטפערט:

— איך בין די דינסט פונם קראַשענער פּריץ גערגוליאַן מיט וועלכן איך בין געווען אין בוקארעסט. דאָס פיר איך זיינע זאַכן, ער איז בא־נאַכט אהיים געפאָרן מיט א שלאָף־וואַגאָן.

דער שעף האָט א קוק געטון אין דעם פּאַפּיר, וואָס ער האָט גע־האַלטן, א מאַך געטון מיט דער האַנט און זיך געלאָזט אוועקגיין. ס'האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויזן, אז א פּאַסאַזשיר האָט פאַרגעסן אין וואַגאָן א רענצל און זיך אָנגעפרעגט טעלעגראַפיש וועגן דעם, ס'איז אָבער געווען אָנגעוויזן אין דער טעלעגראַמע, אז דאָס רענצל איז א שוואַרצס און טעאָדאָראס ביידע רענצלעך זיינען געווען געלע.

דאס איבעריקע שטיקל וועג איז שוין פאראיבערגעגאנגען א סאך אומרואיקער, ווי דער גאנצער וועג. ביידע האָבן געטראכט, אז א נארישער צופאל האָט זיי געקענט אומברייינגען און ביידע האָבן כמעט אינאיינעם ארויסגערעדט:

— ווען אונדזערע רענצלעך זיינען שווארצע...

נאָר ווען דער צוג האָט ארויסגעלאזט א לאנגן פייף און אָנגעהויבן צו גיין פאוואָלי, ביז ער איז זיך א סאפענדיקער צוגעקראָכן צור סטאנ־ציע קראשעני, האָבן זיך ביידע בארואיקט און אראפגעגאנגען פונם וואגאָן מיט די רענצלעך זיינען זיי שוין מוטיק מיט פעסטע און זיכערע טריט, זיך אריינגעזעצט אין א קאָטש און צוגעפאָרן צו דער קווארטיר, וואוהין בעני האָט געהייסן.

II

די קווארטיר, וואוהין חבר בעני איז צוגעפאָרן מיט חבר'טע טעאָ־דאָרא, איז געווען א שטוב פון א אידישן שלאָסער, וואס איז אין דער יוגנט געווען א פארטיי־חבר און איצטער איז ער געווען א בעל־מטופל מיט קינדער און חוץ א בראשור, אָדער א פלוג־בלעטל איבערלייענען אמאָל אין א שבת, פלעג ער מיט גאָרניט מאניפעסטירן זיין לינקייט. זיין הויז איז דערפאר געווען אויסער יעדן חשד. דער דאָזיקער געוועזענער חבר פלעג אויפנעמען בענין זייער ווארעם, אים האָט זיך גע־דאכט, אז ער טוט דערמיט עפּעס פאר דער „זאך". די שלאָסערקע אָבער איז געווען א פשוטע אידענע און כאָטש אביסל האָט זי זיך געפרייט מיט בענים קומען, ווייל באם אוועקפאָרן פלעג ער באצאָלן מיט דער פולער האנט, האָט זי זיך דאך געשראָקן. זי האָט אפילו ניט געוואוסט, וואס בעני טוט דאָ, אָבער טאָקע פונם באצאָלן מיט דער פולער האנט, האָט זי פארשטאנען, אז דאָ איז ניט אינגאנצן כשר. דערצו האָט זי נאָך געוואוסט, אז איר מאן איז אמאָל געזעסן אין אָסטראָג... זי האָט א סאך מאָל געקלערט, אז ס'וואָלט געווען בעסער, ווען ס'זאָל קענען זיין אזוי, אז ער זאָל אי באצאָלן אי ניט זיין...

אָנגעקומען זיינען זיי שוין, ווען דער קלייִנער ווינטער טאָג איז שוין באלד געווען צו ענד און איידער זיי האָבן זיך ארומגעוואשן, איז שוין געווען שטאָק פינצטער. זיי האָבן דערפאר באשלאָסן, אז זיי זאָלן שוין הייִנט אין ערגעץ ניט גיין. דאָס צימער, וואָס מ'האָט זיי געגעבן איז תיכף גוט איינגעהייצט געוואָרן און ס'איז געוואָרן ווארעם, ווי אין א באָד. דער גרויסער לאָמפּ, וואָס איז געשטאנען אפן טיש האָט גע־ברענט העל און דאָס ליכט, וואָס ער האָט פארשפרייט איז געווען א

ווייסע, אַן אנגענעמע און נאָך אַ גאַנצן טאָג שלעפן זיך אין קאַלטן און אָנגערויכערטן וואגאָן, האָבן זיי זיך דערפילט מיט אַמאָל אַזוי מאָדנע גוט, אַז זיי האָבן זיך אומגעריכט ארומגענומען און צעקושט. די לעצטע עטלעכע טעג האָבן זיך ביידע געוואַלגערט אין נעץ, קעלט און פינצטער־ניש. אין צענטער זיינען מיט אַמאָל דורכגעפאַלן עטלעכע קוואַרטירעס און זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ גרוב, אין אַ הויף פון אַ חבר. אין שטעדטל, וואו ער איז געווען, האָט זיך גלאַט ניט געפונען קיין זיכערע קוואַרטיר און ער איז צוויי נעכט געלעגן אין אַ קאַלטן און פינס־טערן ווארשטאַט פון אַ ניט גאַנץ כשרן חבר און דאָ האָבן זיי געטראָפן מיט אַמאָל אַזוי פיל ליכט, וואַרעמקייט און זיכערקייט, איז געוואָרן גוט אַף דער נשמה. באַם אָנהויב האָט די וואַרעמקייט געווירקט איינ־שלעפנד און זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן קלעפּן, נאָר אַ הייסע גלאָז טיי פון אַ זידיקן סאַמאָוואַר מיט אַ קאָניאַק האָט זיי דערפרישט און ס'האָט זיך מער ניט געוואָלט שלאָפן, ס'האָט זיך געוואָלט זיצן אָן אויפהער. דער געוועזענער חבר האָט געפּועלט באַ זיין אידענע, אַז זי זאָל קאָכן וואַרעניקעס, בעני האָט געשיקט נאָך וויין און מ'האָט געפּראַ־וועט אַ גאַנצע סעודה.

באַ די וואַרעניקעס האָט בעני געכאַפּט אַן איבעריק גלעזל וויין און די צונג האָט זיך אים צעשרויפט; האַלטנדיק אַ גלאָז אין דער האַנט האָט ער געברומט מיט זיין פעסטן און אָנגענעמענעם באַריטאָן:

— אָט אַזוי לעבן מיר פאַרפאַלניקעס, ווי מאַטראָסן... תמיד זיינען מיר אַף דער וואַך, תמיד קען אָנקומען אַ שטורם און פאַרגעס, אַז דו האָסט געהייסן בעני... פּאַקן מיר אָבער אַ זיכערן ברעג, איז חי גע־לעבט...

א רגע האָט זיין פּנים באַדעקט אַ שכורער טרויער און שוין שטילער האָט ער געזאָגט:

— און אפשר זיינען מיר ווי גנבים?... תמיד אין שרעק, תמיד שרעקט אונדז איבער אַ שאָרך פון אַ בלאַט... ווי אַ שטרוי אין פעלד, איין שטרוי אין פעלד, אָט קען קומען אַ קליין ווינטל און אוועקשלעפּן... היינט אליין טאַקע, ווען אונדזערס אַ רענצל זאָל געווען זיין שוואַרץ ניט געל, ווער ווייסט וואו מיר וואָלטן איצט געווען?... שששאַ... איצטער לאָקערט קיינער ניט אונטערן פענסטער?... און ווען מיר זיינען זיכער, זיינען מיר דען זיכער?...

באַ די לעצטע ווערטער האָט זיך די שלאָסערקע דערשראָקן און גע־נומען קוקן צי די לאָדן זיינען גוט פאַרמאַכט. בעני האָט דאָס באַמערקט און מוטיק זיך אָפּגערופן:

— שרעקט אייך ניט אידענע! אז מיר וועלן שטארבן וועט מען פון אונדז מעשה'ס דערציילן, לידער זינגען... פראָמעטעי האָט אויך גע־גאַנוועט. פראָמעטעי האָט געגאַנוועט פייער בא גאָט און מיר צוטראָגן עס... ניט נאָר באַם נעמען דאָס פייער האָט מען געדאַרפט גאַנווענען, נאָר אויך באם געבן... עי, דו, געוועזענער חבר, דאס לעבן האָט דיך צע־פלעטשט... נעם א גלאָז אין דער האַנט אריין! שריי: זאָל לעבן די רע־וואָלוציע!

בעני האָט צעפלעטשט די גלאָז צווישן די פינגער און אוועקשאַרנ־דיק דאס גלאָז האָט ער זיך אנידערגעזעצט גלייך ס'איז גאָרניט געווען. טעאָדאָרא האָט די גאַנצע צייט געקוקט אף אים. ס'האָט געווייעט מיט כוח, גלויבן און אויפריכטיקייט פון אים. עטוואָס העכער פון א מיטעלער וואוקס, א פעסט־געבויעטער, מיט א ברוין פנים, אביסל א פארגרעבטס איז דאָך געווען איידלס אין אים, זיינע בלויע אויגן זיינען געווען אָפן און לויטער און דאָך האָבן זיי געברענט. קוקנדיק אף אים, האָט זי זיך געקלערט: פון וואַנען איז דאָס אלעס געקומען צו אים? זיין טאַטע איז א פשוטער שמייסער — מ'האָט דאָס איר דערציילט — און ער האָט זיך אליין דערשלאָגן צו אביסל קולטור... פון וואַנען נעמט זיך דאָס, וואָס הונדערטער פון זיין גלייכן זיינען פארבליבן וואָכעדיק און גרוי ווי בהמות און ער האָט זיך מיט אייגענעם כוח אליין דערהויבן... אזא פעסטער גלויבן, אזא גרייטקייט זיך מקריב צו זיין, אזוי קלאָר וויסן, וואָס ער וויל, אפילו איצט, שכורערהייד רעדט ער ניט אינגאַנצן פונם וועג... זי איז געוועזן זיכער, אז ווען זי זאָל אים איצט פרעגן: „וואָס וועלן מיר מאָרגן טון?“, וואָלט ער זיך תיכף אויסגעניכטערט, נאָר זי האָט עס ניט געוואָלט און אויך אויפגעהויבן א גלאָז, אויסרופנדיק:

— פאר דער געזעלשאפט, וואָס וועט קיינעם ניט צעפלעטשן, קיי־נעם ניט געבן איבער דער פאָטילניצע!..

זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט און א רגע זיך באַהעפט. ס'איז שווער געווען צו וויסן, צי דאָס האָבן זיך באהעפט שכור ענטוזיאסטישע בליקן פון צוויי מענטשן, וואס שטייען אין איין פייער ליניע, גרייטע אף אלעס, צי איז דאָס דער אייביקער פייער־שפיל פון מאַן און ווייב... אינסטינקטיוו, א וואָרט ניט זאָגנדיק איינאַנדער האָבן זיי אויפגעהויבן די גלעזער און אויסגעטרונקען אף ברודערשאַפט.

די שלאָפּסערקע, וואָס האָט זיך געפילט די גאַנצע צייט ווי ניט בא זיך אין דער היים, האָט זיך פאַוואָלי אויפגעהויבן, געזאָגט א שטילע „גוטע נאַכט“ און איז אוועקגעגאַנגען. דער שלאָסער איז נאָך א שטיק צייט געזעסן, געפרוּווט עפעס זאָגן, נאָר פילנדיק, אז דער האַלדז איז

אים צענויפגעקוועטשט, האָט ער זיך אַלע מאָל אָנגעגאָסן א גלעזל. בעני האָט באַמערקט, אז ער טרינקט אַביסל צופיל, האָט ער געגעבן א געשריי:

— עי, דו געוועזענער חבר, גענוג! איך מעג, דו טאָרסט ניט... איך בין נעכטן געלעגן דער רוח ווייסט וואו און מאָרגן קען זיין נאָך ערגער און דו וואָס?...

פילנדיק, אז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, האָט אים בעני אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער פּלייצע אריין:

— איך טאָר אויך ניט... קיינער טאָר ניט טרינקען, ס'איז א פּאַסקודנע זאַך טרינקען. פרייד דאַרף מען זוכן אין הארצן, ניט אין גלעזל.

דער שלאָסער האָט אים לאַנג באַטראַכט און דרייענדיק מיט דער צונג האָט ער קוים געשטאַמלט:

— אין יענער געזעלשאַפט וועט אפשר זיין פרייד אָט אָ דאָ... אָבער אין דער היינטיקער... ע... צעפּלעטשט, צעקוועטשט...

עס זיינען אים געקומען טרערן אין די אויגן אריין און ער האָט זיך געכאַפּט קושן מיט בענין, ער האָט זיך אָבער תיכף פארשעמט און זאָגנדיק „א גוטע נאַכט" טעאָדאָראַן, האָט ער, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס זיך אַרויסגערוקט פון צימער און געלאָזט בענין מיט טעאָדאָראַן אַליין.

### III

די לעצטע ווערטער און דאָס אַוועקגיין פונם אַלטן שלאָסער און געוועזענעם חבר, האָט ווי מיט דער האַנט אויסגעווישט זייער שכורלעכקייט און מוטיקייט און ס'איז מיט אמאל געווארן גרוי. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז אפילו דער לאָמפּ ברענט טונקלער און אפילו דאס וואַרעמקייט, איז שוין אויך ניט דאָס פריערדיקע. ער האָט מעכאַניש גענומען דרייען דעם לאָמפּ און זי איז צוגעגאַנגען צו דער הרובע, זיך גענומען פּאָכן דאָרט און בלאָזן דאס פייער. אַנידערגעזעצט זיך צוריק אויף איר פריערדיקן פּלאַץ, האָט זי די ערשטע א רעד געטון:

— חבר בעני, מיר האָבן דאָך נאָך גאָרניט געשמועסט.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פארוואונדערטע אויגן: שוין אַזוי פיל איבערגעלעבט פאַר דער קורצער צייט פון זייער קענטשאַפט, א גאַנצע אייביקייט דורכגעלעבט און — נאָך גאָר ניט געשמועסט. דער דאָזיקער געדאַנק, וואָס האָט דורכגעבליצט זיין מוח, האָט א סאַך ווייניקער צייט פארנומען ווי ווען ער זאָל אים געוועזן אַרויסזאָגן און באַהערשנדיק זיך האָט ער געפרעגט:

— וואס טוט זיך אין צענטער?

זי האָט אים אָנגעקוקט און אנשטאט צו ענטפערן האָט זי בא אים געבעטן א ציגאר. בעת זי האָט פאררויכערט און לויז געמאכט דעם פּאַפּיראָס, האָט ער זי אָנגעקוקט און ס'האָט זיך אים געדוכט, אז ערשט איצט זעט ער זי. זי איז געווען א ליכטיקע, א פרישע, א פולע. אירע באקן און איר האלדז האָבן אויסגעזען, גלייך ס'האָט זיך נאָך קיינער ניט צוגערירט צו זיי, ניט אָפּגעווישט די מילך פרישקייט פון זיי. פונם ווארעמקייט האָט זי אין גאנצן געפלאָמט און די ליפּן האָבן ארויסגעבליט ווי רויזן. די ליכטיקע האָר האָט זי געטראגן קורץ געשוירן, כמעט ווי א אינגל און דאָך האָט זיך געפילט, אז ס'איז א מיידלישער קאָפּ און ס'האָט זיך געפילט, אז אירע קורצע האָר דארפן זיין שטארק ווייך, ווי בלעטלעך פון א צארט בלימל און אז מ'רירט זיך איינמאָל צו צו זיי, גלוסט זיך שוין כסדר זיי צו גלעטן. אנגעטון איז זי אויך געווען כמעט ווי א אינגל, מיט א פארמאכטער בלוזע און מיט א שניפּס און דאָך האָט זיך געפילט אין איר גאנצן קערפּער און אפילו אין די קליידער א סאך מיידלישע פרישקייט. נאָר איר גאנצער רייץ איז באשטאנען אין אירע אויגן. אין גאנצן א ליכטיקע און די אויגן טונקל-קאריע, מיט אזא ברען, אז זיי האָבן אויסגעזען ווי שווארצע... און ס'האָט זיך געדאכט, אז די צוויי ברענענדיקע קוילן זיינען אזא קאָנטראַסט צו דער מילך-ווייסקייט פונם פּנים און גאָלדענער העלקייט פון די האָר און דאָך איז געווען הארמאָניע. זי האָט זיך א שטיק צייט געראַנגלט מיטן הארטן ציגאר, אים לויז געמאכט, פאררויכערט, גענומען צווישן צוויי פינגער פונקט אזוי ווי א אינגל און דאָך איז זי געווען סאמע ווייב, די הענט, די באוועגונג... זי האָט פּאַוואָלי אָנגעהויבן רעדן:

— אין צענטער? א סאך און גארניט... דורכפאַלן א סאך און דערפאָלג — גאָרניט. ערשט נעכטן האָט מען פינף חברים ארעסטירט און דער אַרכיוו איז אויך שיר ניט אריינגעפאלן.

— ווער־זשע איז שולדיק? — האָט בעני געפּרואווט פרעגן, פילנדיק, אז ער איז קוים משיג דאס, וואָס זי זאָגט, ער פילט זי אליין א סאך מער, ווי דאָס וואס זי זאָגט.

זי האָט אין זיין פראגע אויך עפעס דערפילט א צעטראָגנקייט פון זיין זייט און קוקנדיק אָנגעשטריינגט אַף אים האָט זי א זאָג געטון:

— חבר בעני, איר... מיר זיינען דוכט מיר שוין איבערגעגאנגען אַף דו... דו ביזט אינגאנצן ניכטער?

די אַלטע געוואוינהייט קיינמאָל ניט אָפּצונארן א פּארטיי חבר, האָט אים אביסל צוריקגעגעבן דאס גלייכגעוויכט און אויסגלייכנדיק זיך, האָט ער דרייסט געענטפערט:

— דעם אמת געזאגט, ניין! אָבער — שולדיק איז דאָ ניט נאָר דער ווין...

— דוכט זיך מיר — האָט טעאָדאָרא געשמייכלט — אז דו ווילסט זיך מיר דערקלערן אין ליבע.

— דעם אמת געזאגט — האָט בעני געשטאַמלט — האָב איך אביסל דעם קאָפּ פאַרלוירן, אָבער איך וועל אים פּרוּוון צוריקגעפינען...

— וויפיל צייט — האָט טעאָדאָרא ווייטער געשמייכלט — זענט איר שוין ניט מיט קיין חבר'טע געווען?

די דאָזיקע פראגע איז געווען פאַר בעני̇ן אזוי אומדערוואַרטעט, אז ער האָט זיך שוין אינגאנצן פאַרלוירן און אינגליש האָט ער געענטפערט:

— העכער א האלב יאָר...

— כ'האָב אָבער תמיד אן אומאנגענעם געפיל, ווען איך פאָר צו אַ יונגן חבר — האָט טעאָדאָרא אַלץ נאָך געשמייכלט, אָבער תיכף מוסיף געווען סאַרקאַסטיש — ס'קומט דאָך מיר אויס צו ווערן אַ רעגימענט־דאַמע...

בעני האָט געקוקט אַ פאַרשעמטער אויף איר און באַ זיך געקלערט אַ בייזן געדאַנק: וואָס וויל זי, אַט די חבר'טע, וועלכע איך קען ערשט אַ האַלבן מעת לעת און וועלכע זיצט און טרעבערט מיך? וואָס בין איך שולדיק, אז זי האָט אַ קערפּער, וואָס רייצט און איך האָב הייס בלוט? טעאָדאָרא האָט צוריק געקוקט אויף אים דרייסט און ווייטער גערעדט:

— כ'ווייס, אז ניט איך, אַ יונגע חבר'טע מיט אַ קורצן סטאַזש און וואָס האָט נאָך זייער ווייניק געלייסטעט, זאָל דיר זאָגן מוסר, אן עלטערן חבר, אַ פירער פון אַ גאַנצער געגנט, וואָס האָט שוין אַ סאַך געליטן און אַ סאַך געלייסטעט, אָבער... — טעאָדאָרא האָט דאַ אינסטינקטיוו געביטן דעם טאָן — לאָזן אונדזערע יונגע חברים זיך נעמען חבר'טעס, לאָזן זיי חתונה האָבן און אן עק זאָל עס נעמען... דער קאָפּ וועט באַ זיי לויזער ווערן...

אירע לעצטע ווערטער זיינען שוין געזאָגט געוואָרן אזוי לייכט־שפּילנדיק, אַזוי קינדיש־ערנסט און מיידלעריש־ניט ערנסט, אז בעני האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט מונטער און גוט און זיין ווייכער באַריטאָן האָט האַרציק אַ ברום געטון:

— איצט איז די פּאַסיקסטע צייט, איך זאָל דיר מאַכן אַ פאַרשלאָג!

טעאָדאָרא האָט זיך נערוועז און אומנאַטירלעך צולאַכט און אַ רגע האָבן ביידע שווער אָטעמענדיק געשוויגן.

— איצטער — האָט זיך בעני געפּרוּווט מענטשלעך — וואָלט איך דיך געדאַרפט געבן אַ קוש, אָבער איך וועל דיר באַווייזן, אז איך

קען אויך ערנסט זיין. דאָ האָסטו — האָט ער ארויסגעצויגן פון דער קעשענע א פאפיר — א צעטל מיט אדרעסן פונם פיפטן רעגימענט. צוקומען צו זיי איז ניט איננאנצן לייכט, מ'דארף א פאפיר־שיין פון דער קאנצעלאריע און דאָס קריגט מען מיט א סאך שוועריקייטן. איין חבר איז דאָ אמאָל שיעור ניט דורכגעפאלן... דער קאָמאנדיר פון דער בריגאדע ווייסט שוין אפילו, אז מ'האָט אהער געבראכט פראָקלאמאציעס, קיין פארדאכט אָבער איז נאָך אַף קיינעם ניט געפאלן. דערהויפט מיין איך זאָלסטו זוכן ארייננצושמוגלען א פאָר הונדערט בראשורן פון חבר פראָמאָטעי „וואס דארף יעדער סאָלדאט וויסן", זי איז פשוט אָנגעשריבן און ווירקט. פעקלעך זאלסטו תמיד טראגן קליינע, בעסער א סאך מאָל צו גיין, איידער א גרויסן פאק צו טראגן. תמיד האבן מיט זיך עפּעס שפייז און אביסל וויים וועש — און טאָמער מאכט זיך א סענטינעלע (טשאסאָוואי) פרענט, וואס דו האָסט, איז געוויזן די שפייז מיטן וועש, ארייננגערוקט א פאָר גראָשן און געגאנגען...

טעאָדאָרא האָט ניט געוואוסט, צי זי זאָל באוואונדערן זיין בריהש באהערשן זיך, צי זי זאָל ברוגז זיין, וואָס ער קנעלט מיט איר ווי מיט א קליין מיידעלע. א רגע האָט זי אפילו א קלער געטון, אז איננאנצן, וואָס כ'איז פריער פארגעקומען איז געווען ניט מער ווי א שפיל און זי האָט געוואָלט אים „אָפּבאָדן". זי האָט אָבער צו פיל געגלויבט אין דער ערלעכקייט פון אלע חברים און פון אים אליין האָט זי אזוי פיל שיינע זאכן געהערט און טאקע איצטער האָט ער איר אויסגעזען אזוי פשוט און אזוי גרוים אין דעם ערנסט, וואס האָט זיך אים פלוצים צוגאָסן איבער דעם צופלאמטן געזונטן פנים און זי האָט זיך באהערשט. בכדי צו דערווייזן, אז זי איז איננאנצן גלייכגילטיק האָט זי גענומען לייענען דאס צעטל פון די אדרעסן און זיך ווערטלען:

— סטאן גרעגאריאן פון דער דריטער ראָטע וועט זיין מיין ברודער... כ'האָב מורא, אז איך וועל זיך דארפן צעקושן מיט אים... יאָאן פאָפּעסקו פון דער זעקסטער ראָטע וועט זיין מיין שוואָגער, מיט א שוואָגער מעג מען זיך ניט צעקושן... איציק גרינבערג פון דער אכטער ראָטע... וואס וועט ער זיין? ער איז דאָך א איד און איך בין א... א... „גויה"... יאָ ער וועט זיין א שכן...

בעני האָט איר ניט געלאָזט זיך לאנג ווערטלען און ארויפלייגנדיק אַף איר פלייצע זיין האנט, דאָס מאָל שוין פשוט חבריש, האָט ער א זאָג געטון:

— און איצטער, חבר'טע, דערצייל, וואס ס'טוט זיך אין צענטער.

טעאָדאָרא האָט זיך אין זיין פארשלאג אָנגעכאפּט און אָנגעהויבן זיך אראָפּרעדן פונם הארצן. ס'האָט זיך געפילט, אז זי האָט שוין לאנג קיין געלעגנהייט ניט געהאט צו זיצן אזוי רואיק און אזוי אינטים אין אזא היימישן, ווארעמען און ליכטיקן צימער און זי האָט איצט אראָפּגעוואָרפן אלצדינג, וואס האָט זי געדרוקט א לאנגע צייט. איר רעדן איז געווען א געמיש פון קינדישער און מיידלישער פאנטאזיע און ערנסטע דורכגע־טראכטקייט. זי האָט אָנגעוויזן, אז דער גאנצער אומגליק איז, וואָס אין דער רומעניש קאָמוניסטישער פארטיי פירט מען נאָך א טאָפּלטע בוכ־האלטעריע, פון איין זייט פּרואווט מען ארבעטן אין דער פּאָדפּאָליע, אונ־טער דער ערד, וואוהין די פּאָליציי האָט געצוואונגען אראָפּצוקריכן און פון דער אנדערער זייט חלומט מען נאָך צו ווערן צוריק א „לייטישע" לעגאלע פארטיי... איז א געמיש פון לעגאליטעט און אומלעגאליטעט און יעדער צייט אין אן אנדער זייט אריין, קיינער איז ניט אַף זיין פּלאַץ, ס'איז פאראן צופיל חברים, אין א לעגאלער פארטיי האָט דאס אפשר ניט געשאדט, אָבער אין אן אומלעגאלער מוז מען קענען אלע חברים... פארראט מען אַף יעדן שריט און טריט, צווישן דריי חברים זיינען צוויי קאָרומפּירטע און אויב זיי זיינען נאָך ניט קיין שפּיאָנען, גרייטן זיי זיך אזוינע צו ווערן... די אינטעליגענטן פארלאָזן די פּארטיי און געבן דער־נאָך אלעם אויס מיט דער באקאנטער משומדישער און פּאררעטערישער שנאה...

בעני איז געזעסן און געקוקט אַף איר, אירע אויגן האָבן וואָס אמאל זיך שטארקער אָנגעצונדן און דאס קליינע מיילעכל אירס האָט זיך וואָס אמאָל גיכער און נערוועזער באוועגט. ס'האָט זיך אים געדוכט, אז דאס רעדט א קינד, וואס האָט פּלוצים געקריגן געדאנקען פון א גרויסן און ענטוזיאסמירט זיך. און דאָך האָט ער געפילט, אז זי פארשטייט קלאָר די גאנצע לאגע און פילט אַף זיך די גאנצע פאראנטוואָרטלעכקייט פון איר ארבעט. און פון וואנען קומט דאס צו איר! — האָט ער זיך געקלערט — אן אָרימען שניידערס א טאָכטער? דער טאטע אירער איז דאָך א האלבער פרומאק און די מאמע א גאנצע יאכנע? און ווען זי האָט געענדיקט, האָט ער ניט געוואוסט, צי זאָל ער זי א קוש טון, ווי א לערער א שילערין, וואָס ענטפערט גוט אַף דער לעקציע, צי זאָל ער איר נעמען אָפּענטפערן אַף אייניקע טעותים אירע און ער האָט געשאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ, ברומענדיק שטיל:

— א סאך איז אמת אין דעם, וואס דו האָסט געזאָגט, חבר'טע!

זיי האָבן זיך ביידע אומגעקוקט אפן צימער. די הרובע איז שוין געווען אויסגעלאָשן און אין שטוב איז שוין געווען אביסל קאלט, דער

לאמפּ האָט געברענט טונקל, דער גאַז איז אויסגעגאנגען און דער קנויט האָט אָנגעהויבן אראָפּצופאלן. זיי האָבן פארשטאנען, אז ס'דאַרף שוין זיין שפּעט. בעני האָט באמערקט, אז אפן טיש איז געבליבן שטיין דער ווייַן אין די פלעשלעך און אין די גלעזלעך, ווי פארשעמט און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— לאָמיר נאָך טרינקען לחיים, חבר'טע!

— פארוואָס. האָט טעאָדאָרא געפרעגט?

— פאר דער סאָציאלער רעוואלוציע — האָט בעני געענטפערט ניט לאנג קלערנדיק.

— דאַרף מען ניט! — האָט טעאָדאָרא געשמייכלט.

— פאר וואָס?

— די סאָציאלע רעוואָלוציע וועט מען מאכן בעסער אָן ווייַן, ווי מיט ווייַן...

בעני האָט ווידער גענומען זיך פּאָרען באַם לאָמפּ און אונטערגיסן אביסל גאַז. אין צימער איז ווידער ליכטיק געוואָרן.

— צו וואס טוסטו דאָס? — האָט טעאָדאָרא געפרעגט.

— לאָז זיין ליכטיק, בעסער אזוי.

טעאָדאָרא האָט ניט געענטפערט און צוגעגאנגען צו דער הרובע, גע־נומען בלאָזן, אונטערגעגאסן אביסל גאַז, אונטערגערוקט א פּאָר שטיקלעך האָלץ און געזאָגט אין זעלבן טאָן, וואס ער:

— לאָז זיין ווארעם אויך, בעסער אזוי!

בעני איז געשטאנען פון דער ווייטנס און געקוקט אף איר, ער האָט איצט, צום ערשטן מאָל געזען די פאָרמען פון איר קערפּער, רייפע און רייצנדע פאָרמען פון א געזונטן און שלאנקן פרויען קערפּער, וואס בלייבן גראציעז אפילו, ווען זיי זיינען איינגעבויגן אין דרייען און וואס זיינען אזוי בולט, כאָטש זיי זיינען פארדעקט מיט אזוינע קליידער, וואס זוכן די בולטקייט צו פארדעקן און פארשטעלן. ווען דאס פייער האָט זיך צעפלאמט, איז ער צוגעגאנגען און געשטעלט זיך נעבן איר אף די קניעס.

— פאר וועמען קניעט איר — האָט זי געפרעגט — פאר מיר, צי פארן פייער?

בעני האָט אָנגעקוקט איר ליכטיק און צעפלאמט פּנים, וואס איז באשיינט געוואָרן פונם פייער און מיט א ציטערדיק קול געענטפערט:

— איר זעט איצט אויס אזוי, אז אפילו געצנדינער, וואס קניען פארן פייער, וואָלטן אויך געקניט גיכער פאר אייך, ווי פארן פייער, איר זענט איצט דריי מאָל מער פייער, ווי דאס פייער גופא.

— אויב איר מיינט עס אין שפּאַס — האָט טעאָדאָרא געמאכט אַן

ערנסט פּנים — בין איך אייך מוחל, טאָמער מיינט איר דאָס אָבער ווידער ערנסט, וועל איך ברוגז ווערן...

בעני האָט זי פּלוצים ארומגענומען מיטן גאַנצן כוח, זי אויפגעהויבן און מיט א קוש איר פארמאַכט דאָס מויל. אירע ליפּן האָבן אים לאַנג געענטפערט און דערנאָך האָט זי דעם קאָפּ אַוועקגענומען און מיטן גאַנצן קערפּער בלייבנדיק נאָך אין זיינע פעסטע אָרעמס, האָט זי צו אים געזאָגט:

— דו וועסט היינט באַשטראָפט ווערן!

— איך בין גרייט צו דערפילן — האָט ער געענטפערט.

— לאָזט זשע מיך פריער אָפּ — האָט זי אויסגעשריגן.

— בעני האָט זי פריי געלאָזט. פארגלייכנדיק זיך דאָס קלייד, האָט זי גענומען א שטול, זיך אַנידערגעזעצט נעבן דער הרובע און אים געהייסן זיך אַנידערזעצן נעבן איר. ער האָט געפאָלגט ווי א קליין אינגל און זיך אַנידערגעזעצט, א צייט האָבן זיי ביידע געשוויגן, דערנאָך האָט זי איבער־געריסן דאָס שווייגן:

— פארוואָס פרעגסטו מיך ניט מיט וואס דו ביזט באַשטראָפט?

— איך פרעג!

— דו וועסט היינט ניט שלאָפן!

— פאר וואָס?

— ווייל איך וועל זיך אויך ניט לייגן!

— האָסט מורא?

— אַף אזוינע פראַגן ענטפערט מען ניט.

זי האָט אריינגענומען זיין האַנט אין אירע און גלעטנדיק זי, האָט זי צו אים געזאָגט:

— אז דו ווילסט, דערצייל מיר עפּעס פון דיינע איבערלעבענישן, דערנאָך, אז דו וועסט וועלן, וועל איך דיר דערציילן פון מיינע, כאָטש איך האָב נאָך אזוי ווייניק...

---

ווען דער שלאָסער איז אויפגעשטאַנען צו דער ארבעט, האָט ער נאָך געטראָפן חבר בעני מיט חבר'טע טעאָדאָרא זיצן באַ דער הרובע און רעדן. מערקנדיק, אז ער קוקט פארוואונדערט, האָט זיך בעני אויפגעהויבן צו אים און דרייסט א זאָג געטון:

— וואס קוקסטו, געוועזענער חבר? אזוי זיינען מיר פּאַרטפּאָלניקעס, ווען מ'טאָר ניט שלאָפן, טאָר מען ניט און ווען מ'מעג — טאָר מען אַמאָל אויך ניט...

# ציפּע

אַלע מיידלעך האָבן זי פיינט געהאַט און איר מקנא געווען און אַלע אינגלעך האָבן זי ליב געהאַט און זי באַרעדט. און איר אַליין האָט גאָרניט געאַרט.

דער טאַטע אירער איז געווען אַ גרויסער, אַ שוואַרצער, מיט נאָך שוואַרצערע אויגן און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ שוואַרץ שטיק קויל, אונטער וועלכן ס'גליט. איין בלאָז און ס'וועט פלאַקערן. אַ פישער געווען, תמיד באַם וואַסער געלעגן און געברענט.

און זי ציפּע, איז געווען אַ קליינע און דווקא אַ ווייסע, נאָר אַ בלוט געהאַט פונקט אַזאַ ווי דער טאַטע. און ברייט איז געווען איר פּנים, אירע ליפּן, אירע אויגן, אירע באַקן און גרויסע, ברייטע אוירינגלעך האָט זי כסדר געטראַגן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ ציגיינערטע, אַ ווייסע ציגיינערטע. און אַלץ האָט אין איר אויסגעזען רייף און זאַפטיק אַזוי ווי אַ פאַרטיקע פערישקע, כאַטש כאַפּ און פרעס און זויף. די מיידלעך אין שולע האָבן זי ליב געהאַט צו אומאַרמען און צו קושן. איינוויינטיק זיך געשעמט, נאָר געפילט ליידנשאַפט, און אינגלעך האָבן געציטערט, קוקנדיק אויף איר. די בית המדרשניקעס האָבן זיך געקענט צושפּאַרן צו דער שויב, אַז זיי האָבן זי אויף דער גאַס געזען, אַז די שויב האָט געטראַסקעט.

און זי האָט אַלצדינג פּשוט גענומען; ס'האָט זיך געטראָפן, אַז עפּעס אַ בחור אַ זינגער, מיט אַ טונקל-ליכטיק פּנים, העלע אויגן, שטייפע גלי־דער און פעסטער באַסאָווער שטימע, איז איר געפעלן, איז זי אים נאָכגע־גאַנגען. איז ער איר אויך נאָכגעגאַנגען, און איינמאָל איז זי מיט אים אין פעלד אַוועקגעגאַנגען און צוריקגעקומען פון דאָרט אַן אַנדערע, באַ זעכצן יאָר אַן אַנדערע.

און זי האָט אַלצדינג פּשוט גענומען; ס'האָט זיך געטראָפן, אַז עפּעס ווי אינגלעך נאָך מיידלעך, אַזוי איז ציפּע נאָך אינגלעך נאָכגעלאָפן. די רוסישע שקצים האָבן צו איר תמיד געזאָגט: „אַ גוטע ביזטו ציפּאַ“, און זיי האָבן די „י“ געזאָגט אַ שאַרפע און פון דער „ע“ אַ ברייטע „אַ“ געמאַכט און געקלונגען האָט דאָס שאַרף און ברייט: „צי—פּאַ“. און פון גאַנצן האַרצן

געזאגט: „גאָר נישט קיין אידישקע, שיין אזוי ווי א אידישע כלה און האר־ציק ווי א רוסישע“.

און די אידישע אינגלעך האָבן זי אויך ליב געהאַט און זי האָט זיי אויך ליב געהאַט, אבי אַ פרישער, הייסער און קלוגער בחור, האָט ער גע־קאָנט ווערן איר געליבטער. נאָר זיי האָבן איר נישט געקענט מוחל זיין, וואָס זי איז אזוי נאָכגעלאָפן און נישט מוחל געווען. כאָטש איר אין די אויגן האָט מען שווער גערעדט און אפילו שווער געטראכט א שלעכטע מחשבה וועגן איר. אַזוינע ברייטע, אָפענע אויגן געהאַט, אין וועלכע ס'איז קיין ברעקל סוד און ליגן נישט געווען. אָפן און אמת, אפילו אמת אויך נישט, עפּעס אַזוינס, וואס איז העכער פון אמת.

האָבן טאקע אַלע מיידלעך, וואס האָבן זי מקנא געווען, שטיל צווישן זיך, ווען די ברידער און מאַמעס האָבן נישט געהערט, געזאָגט: „ציפּע איז אַ גוטע“... און אַז אַ גימנאזיסטקע האָט גערעדט פון נעמען זיך דאָס לעבן האָט א חבר'טע געזאָגט: „נאָך גאָר נישט פארזוכט פון לעבן. אָט, כאָטש ווי ציפּע, וואָלט קיין שאָד נישט געווען“...

און אָפן האָט ציפּע גערעדט פון אַלע אירע געליבטע, קיינעם נישט פארלייקנט. אַפילו איר פארהייראַטע שוועסטער האָט פון איר גערעדט אָפן, דערציילט אלצדינג און קיינער האָט זי נישט אָפּגעשטויסן אין פרומען שטעטל. גערעדט און בארעדט און אומעטום אריינגעלאזט און אומעטום געפירט זיך מיט איר און אין די ספעקטאַקלען באַטייליקט און אַף די בעלער געטאַנצט. — „ערגער דוכט זיך, ווי כ'ווייס וואס, און אַן אייגענע“.

און אָרעם געלעבט. נישט באַם פאָטער גאָרנישט גענומען, נישט באַ די געליבטע. געאַרבעט א גאַנצע טאָג אין אַ קאַנטאָר און תמיד גענומען א פּראָסט קליידל אַף באָרג.

איינמאָל האָט זיך ציפּע פארליבט; ווילד אזוי ביז משוגעת. עפּעס אַ בחור א רעוואָלוציאָנער געווען אין שטעטל, וואס האָט תמיד גע־בלאָנדזשעט דער גוטער יאָר ווייס וואו און אמאָל אין א יובל אראָפּגעפאלן צו די עלטערן. חבר סאשא האָט ער געהייסן. געהאַט אַזוינע זיידענע האָר אז אַלע פאַריקמאַכערס זיינען געווען פארליבט אין אים. און ר'האָט נישט גערעדט, נאָר געזונגען. ציפּע האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַזוי ווי דאס האַריץ צו דער ברוסט און ער אויך. ער האָט זיך צוליב איר שיעור פאַר זיין פּארטיי נישט פארשולדיקט, אַף צוויי וואָכן פארשפּעטיקט, און ער האָט זיך אָפּגעריסן.

האָט זיך דער טרויער אריינגעגעסן אין איר האַריץ אריין און איר דאס פּנים שוואַרץ געמאַכט. אָבער פּאַוואָלי איז דער טרויער אין האַריץ פאַר־שימלט געוואָרן און דאס פּנים האָט איר ווידער אָנגעהויבן שיינען. איז

געקומען נאָך איין געליבטער און נאָך איינער. און בא יעדן געליבטן. האָט זי גענומען גליק און פרייד און אביסל פייער, זיך געקענט פלוצים אנידער־זעצן און אויסוויינען זיך, אָפּוואַשן די אויגן מיט קאַלטע וואַסער און גלייך ווי נישט געווען גארנישט. א סאך האָבן זי אָפּגענאַרט, אָף קיינעם איז זי נישט בייז-געוואָרן.

איינמאָל איז ציפּע טראָגנדיק געוואָרן. זי האָט געוואוסט פון ווע־מען ס'איז, זיכער געוואוסט, אז ס'איז פונם יונגן אדוואקאט פיליפּ, וואס איז נאָר וואס צוריקגעקומען פון אדעס, וואו ער האָט דעם אוניווערזיטעט געענדיקט. זי איז געגאַנגען צו פיליפּן בעטן, אז ער זאָל איר געבן אָף אַן אבאָרט און פיליפּ האָט נישט געגעבן. ער האָט מיט אזא מיאוס קול גע־זאָגט: פון וואנען וויים איך, אז ס'איז מיינס? זי האָט אים אָנגעקוקט מיט די גרויסע אויגן: „און אז דו ביזט נישט זיכער, איז וואָס? אָבער ס'קאָן דאָך זיין"! און זי האָט אים אָנגעכאַפּט בא די הענט, אזוי ווי דעמאלט, ווען זי האָט אים ליב געהאט: „יעי באָגו פיליפּ, ס'איז דיינס". ער האָט זי אָפּגעשטויסן קאַלט און אַלץ אזוי, נישט קוקנדיק אין די אויגן, געענט־פערט: „ס'איז נישט מיינס".

ציפּע האָט זיך אין יענעם טאָג אויפגעגעסן אַלע נעגל; גראד איז גע־ווען אין יענעם טאָג חבר סאשא אין שטעטל, האָט זי אים אויסגעזוכט און דערציילט, זיך וויינענדיק: „יעי באָגו, סאשקאַלע, פון אים".. סאשא האָט געוואָלט גיין צו אים, פאָדערן, האָט זי נישט געלאזט. „ווייסט וואס איכל דיר זאָגן, סאשקאַלע? — האָט זי צו אים געזאגט א טרויעריקע און גע־טרייסטע — צווישן מאַן און פרוי איז נישטאָ קיין ליבע, ס'איז דאָ בפירוש א געשלעכטלעכע שנאה, נאָר מ'דאַרף זיך האָבן, נעמט מען זיך און מ'האָט זיך דערנאָך ווייטער פיינט... ער איז א פּאסקודניאק און איז נישט שולדיק. ס'פּארדריסט מיך אָף אים אויך נישט. איך וועל אים אָפּטון א שפּיצל, ער דאַרף איצטער א חתן ווערן, וועל איך גיין צו אים אפן קנאסמאָל מיטן בייכל. אפילו, אז ער וועט מיך נישט איינלאָדן, וועל איך אויך זיין. איך האָב שוין אָף חתונות פון געליבטע אויך געטאנצט. זיי זיינען אביסל רויט געוואָרן, איך — אויך"...

סאַשאַ האָט זי אַ צאַרטן גלעט געטאָן און זיך געלאָזט אוועקגיין. זי האָט אים פארהאַלטן:

— איין זאך מוז איך דיר נאָך דערציילן, אַז אַנדערן קאָן איך דאָס נישט דערציילן. איינמאָל האָט מיך יאָ פארדראָסן. מיינע א מומע האָט מיך אמאָל געשיקט צום פּריסטאַוו עפּעס פּועלן, בין איך געגאַנגען, דער פּריסטאַוו האָט מיר פון דער ערשטער רגע געזאגט, אז ר'וועט מיר צוליב

טון, נאָר האָט ער געזאָגט: „ס'מעניא ווזיאטקי גלאדקי" 1) און איך האב גע־מוזט... טפו, דער טייוול זאל דאס נעמען.

סאשאַ האָט זי רירנד אנגעקוקט: מײַן אָרעמע ציפעטשקא!..

ציפע האָט זיך צו אים צוגעטוליעט:

— ער איז געווען א שיינער דער פריסטאוו. דער שענסטער מאן, וואס איך האָב געזען. פריער בין איך געווען גרייט ווי א משוגענע אים נאָכלויפן, די פיס, דעם שטויב פון די זוילן אים קושן... טפו, טייוול...

ס'האָט זיך איר א שוים באַ די ליפן אַזש געלייגט און סאשאַ האָט איר געזאגט:

„דו ציפע
ביזט נישט קיין קליפע".
און ציפע איז א גליקלעכע ארומגעגאנגען און תמיד זיך געבאזוערט:
דו ציפע,
ביזט נישט קיין קליפע...

---

1) אז מ'שמירט, פאָרט מען.

# ערנאַ

„אַ ליניע אַהין, אַ ליניע אַהער; פּלוצים פאַרקרימט זיך דאָס, שפּעטער גייט דאָס ווידער אין אַן אַנדער זייט אַריין און גיי ווייס, אַז ווען ס'וועט אַרויס אַפן גלייכן וועג, וועט דאָס גראַד אָנטרעפן אַפן תהום און דאָ וועט זיין דער סוף“...

די דאָזיקע ווערטער האָט דער אַמאָליקער לערער און הייַנטיקער סתם אינטעליגענט שפּיצבערג אָנגעצייכנט מיט קרומע, געבראָכענע אותיות אַף אַ צעפּיצלט שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז צופעליק פאַר אים געליגן. די אותיות זיינען געווען אַזוי שטאַרק קרום געבראָכן, אַז ער האָט זיי אַ לאַנגע צייט אַליין ניט געקענט איבערלייענען. און כאָטש, צייכנענדיק די ווערטער, האָט ער שוין געהאַט עפּעס אַ באַשטימטן געדאַנק, איז ער נאָך אַלץ געווען אויסער זיך און האָט נאָך אַלץ קלאָר ניט געקענט געבן זיך קיין רעכנונג פון דעם, וואָס ס'איז פאַרגעקומען.

ער האָט איבערגעלייענט אין בלאַט, אַז דער עקספּרעס צוג פּאַריז־בוקאַרעסט האָט געליטן אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע און ס'זיינען דאָרט פאַראַן אַ סך טויטע. געדיינקט האָט ער, אַז ע ר נ א איז געווען אין דעם זעלביקן צוג און שפּעטער האָט ער איר נאָמען געפונען צווישן די טויטע.

לכתחילה איז ער געבליבן זיצן גלאַט אַזוי און האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. שפּעטער האָט ער זיך אַפּנים ספּאָמניענטעט און געוויינט — ער האָט דערנאָך געפילט אַ ווייטיק אין די אויגן און פאַרטרוקנטע טרערן אַף די באַקן. דערנאָך האָט ער ווידער זיך פאַרגעסן און פאַרלוירן דעם געדאַנקן־פאָדעם, אַ מאָמענט איז ער שוין אינגאַנצן געווען לויטער און האָט אָנגעהויבן קלערן: וואָס איז זי געווען פאַר אים, אַן אינצידענט בלויז, צי עפּעס מער? נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך ווידער פאַרגעסן און זיך אינגאַנצן דורכגענומען מיט איר טרויער: זי, ערנא, דאָס האַרציקסטע ווייבל, וואָס ער האָט געקענט, איז געשטאָרבן... דערהאַרגעט

געוואָרן. די ווערטער, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט מיט קרומע אותיות, זיינען אַפּנים געווען עפּעס א מין פילאָזאָפיע, וואָס שטאַמט פונם אונטערבאַוואוסטזיין און וואָס האָט די אויפגאַבע צו טרייסטן, באַרואיקן און לערנען פאַרגעסן, וואָס די ערד פאַרדעקט; אַזוי האָט ער געטראַכט העט שפּעטער ווען ער איז שוין געווען איינגאַנצן בײַ זיך און מיט ווייטעקדיקן און טרויעריקן פאַרגעניגן פאַנאַנדערגעקליבן אַלע שייכותן פון ערנאַן צו אים און פון אים צו ערנאַן. דאָס איז זי, די פּאַטאַלע לעבנס־פילאָזאָפיע:

...גיי ווייס, אַז ווען ס'איז אַרויס אויפן גלייכן וועג וועט דאָס אָנטרעפן אויפן תהום און דאָ וועט זיין דער סוף״.

I

ס'איז געווען א ווינטער נאַכט; אָך, ניין! ניט א ווינטער נאַכט, נאָר ממש אַ חנוכה־נאַכט. ער איז דאָך דאַמאָלט געווען א ציוניסט, אָדער — ווי ער האָט ליב געהאַט שפּעטער צו זאָגן — ער האָט דאַן נאָך געזאָגט קדיש נאָך זיין בית־מדרש־אידישקייט, האָט ער געהאַט א שייכות מיט חנוכה. היינט קלינגט אים דאָס דאָזיקע וואָרט שוין אַזוי גלייכגילטיק. דעמולט אָבער, איז ער געפאָרן אין אַכט שטעט האַלטן חנוכה־רעדעס. אין אַכט שטעט. און באָטשעני, די שטאָט וואו ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט ערנאַן, איז געווען צווישן די אַכט און ער האָט דאָרט אויך געהאַלטן אַ רעדע. גערעדט יונג, פייערדיק, ציטירט אָפּטמאָל ביאַליקן, אַ סאַך מאָל גערעדט פון פּאָגראָמען און פּלוצים געגעבן א ציטיר שלום־עליכם און די פינסטערע נאַסע פּנימער זיינען באַדעקט געוואָרן מיט שטראַלנדיקע שמייכלען. זיינע איצטיקע חברים, הערנדיק אַזאַ רעדע וואָלטן געזאָגט „קלאַסן אינסטינקט“ און אַנדערע ענלעכע ווערטער און ער איז געווען דאַמאָלט א קבצן אין דריי פּאָלעס. און ער האָט ניט געוואוסט, צי זאָל ער איצט, דערמאָנענדיק זיך, שמייכלען פון זיינע חברימס טעאָריעס, צי זאָל ער שמייכלען פון זיין אַמאָליקן ערנסט... געווען פריער א פרומער, האָט ער פשוט ניט געקענט איבעררייסן מיט די יום טובים, וועלכע זיינען פריער געווען דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין לעבן.. און כאָטש פראַקטיש האָט ער שוין קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט די אַלע יום טובים, ניט געגאַנגען אין שול אַריין, געגעסן ערגעץ בײַ אַ קריסט, האָט ער טעאָרעטיש זיי געהאַלטן פאַר נויטיק און געקענט שרייבן רעליגיעזע מאמרים, ניט פילנדיק אין דעם קיין שום צביעות.

און נאָך יענער חנוכה רעדע אין באָטשעני האָט מען אים געמאַכט א באַנקעט: אים, דעם כמעט אינגל, האָבן אַרומגערינגלט א סאַך רייפע מע־

נער, געשמייכלט זיך צו אים, אים באַגריסט, געהאַלטן טאָסטן און ער האָט אַ צייט אַפילו ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט, געווען פאַרשכורט פון טומל און פון דערפאַלג. אַפילו דעם טאָסט האָט ער גע־האַלטן „האַלב באַוואוסטזיניק" און דאָך אַרויסגערופן אַ פּאָר שמייכלען און געלעכטערס — ס׳איז „פון זיך אַליין" געקומען אַביסל הומאָר.

און נאָכן טאָסט האָט ער דערפילט ווי אַ פּאָר צאַרטע פיס קלעמען איין זיינעם אַ פוס. דער קלעם האָט אים קיין שטאַרקן ווייטיק ניט פאַר־שאַפט, נאָר עפּעס האָט דאָס אים אויסגעניכטערט. אומקוקנדיק זיך צום ערשטן מאָל אין פולן באַוואוסטזיין, האָט ער דערזען, אַז באַם באַנקעט איז דאָ איין פרוי און זי זיצט נעבן אים. ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר און דער קליינשטעטלדיקער בחור מיטן קליינשטעטלדיקן וואָרט האָבן אויפ־געלעבט אין אים: ער האָט אַ טראַכט געטון: „אַ בולגאַריש פערדל". די בולגאַרישע פערדלעך זיינען געווען קליינע, קיילעכיקע, ווייכע, עלעגאַנטע און די פרוי איז אויך געווען אַזוינע. אַ קליינינקע און אַ קיילעכיקע. קיי־לעכיק איז געווען איר געזיכט, אירע בעקלעך, אירע ליפּן, און איבערהויפּט אירע אויגן. ער האָט שוין דעמולט געוואוסט, אַז „אין דער מאָדע" זיינען לענגליכעקע אויגן מיט לאַנגע וויעס און דאָך האָבן אים אירע „אַלטמאָדישע" אויגן גערייצט. זיי זיינען געווען גרויס און קיילעכיק ווי עפּל און די פאַרב האָבן זיי געהאַט פון מאַסלינעס. און אַלע טיילן פון איר קערפּער וואָס האָבן זיך בולט אויסגעצייכנט אונטער איר שטייף קלייד זיינען געווען קיילעכיק און די ברוסטן — גענוי ווי שאַמפּאַניער בעכערס... אָך, די שאַמ־פּאַניער בעכערס האָט דאָך אַ סקולפּטאָר געמאַכט לויט דער מאָס פון סאַפּאָס ברוסטן... זי, די פרוי, וואָס איז געזעסן נעבן שפּיצבערגן און האָט אים פאַרקלעמט אַ פוס, האָט אים אויסגעזען מאָדנע און געפערלעך און ער האָט זיך אָנגעבויגן און געפרעגט בא איר:

— וואָס טוט איר?

— אַף פראַנצויזיש — האָט זי געענטפערט — הייסט דאָס פערדן־פלירט.

האָט ער זיך טאַקע דערמאָנט, אַז פערד שפּילן זיך אַזוי מיט די פיס און געפּרואווט מיט איין פוס צוקלעמען כאָטש אַ שלייף פון איר קליידל. און זי האָט גערעדט:

— ווי אַזוי באַקענט מען זיך מיט אַ דאַמע און מען רעדט צו איר קיין וואָרט ניט?

— און איך האָב זיך דען באַקענט מיט אייך?

— אי, זענט איר צעטראָגן... ווען אייער צעטראָגנקייט זאָל מיר ניט געפעלן, וואָלט איך ברוגז געוואָרן אַף אייך.

— װי אַזױ זשע הײסט איר?

— איך הײס ערנא העלדער. יענער, װאָס זיצט אַנטקעגן, איז מײן מאַן.

שפּיצבערג האָט זיך אַרומגעקוקט און תּאָט אַזױ לאַנג געבלאָנדזשעט מיט די אױגן אַרום ביז װאַנען ר'האָט פאַרבלאָנדזשעט צו ערנאַס מאַן: ער איז געװען אַ הױכער, אַ געזונטער, אַ ברענענדיקער ברונעט און זײער אַ שײנער. ער, שפּיצבערג, איז געװען קעגן אים עפּעס װי אַ בערגעלע קעגן אַ באַרג און דאָך האָט פון אים געװײט מיט זעלבסטצופרידנקײט און מיט אַנטיפּאַטישקײט. אַפילו שפּיצבערג, װאָס איז נאָך דאַן געװען אַזױ ניט געניט, חוץ דעם מײדל, מיט װעלכן ער האָט געדײנקט חתונה האָבן, האָט ער נאָך קײן שום פּרוּװ ניט געדרוקט די האַנט און אים איז אױסגעקומען פּשוט אַנגסטיק, װאָס אַ װײבל קלעמט אים דעם פּוס, אַפילו ער האָט געפילט, אַז זי, ערנא, דאַרף ניט און קען ניט זײן צופרידן מיט אַט דעם גרױסן און דיקן מאַנספּאַרשױן, און דאָס האָט אים געגעבן מוט און ער האָט גע־ענטפערט אַף איר יעדער געװאַגטקײט און צום ערשטן מאָל אין זײן לעבן נעגרײכט צו װײטע אינטימלעכקײטן מיט אַ װײבל.

## II

די ערשטע באַגעגעניש מיט ערנאַן איז פאַר שפּיצבערגן אײגנטלעך געװען ניט אײנע, נאָר גאַנצע צװײ. אײדער ער האָט ניט דערפילט איר אַנװעזנהײט, איז זי גלײך װי ניט געװען, דערנאָך אָבער, האָט ער געמערקט אַז זי באַלעבאַטעװעט דאָ. זי איז געװען מיט אַ סאַך הײמיש און מיט די גאָר יונגע — אַף דו. אַז זי האָט גערעדט, האָט מען באַם אָנהױב געקוקט אַף איר איראָניש, אָבער גיך האָט מען זיך אָנגעהױבן ערנסט צוהערן. זי האָט רעדנדיק באַקומען אַזױ פיל גלאַנץ אין די אױגן און אַזױ פיל ציטער אין דער שטימע, אַז זי האָט געריררט.

זי האָט געקענט, גרײכנדיק אונטערן טיש אין „פערד פלירט" מיט אים ביז אומפאַרשעמטקײט, װערן באַם טיש דער צענטער פון אַלעמענס אױפמערקזאַמקײט. דער עולם האָט אָנגעהױבן שרײען:

— ערנא זאָל דעקלאַמירן!

און שפּיצבערג האָט געפילט, אַז זי האָט געװאָלט דעקלאַמירן צוליב אים. זי האָט זיך געקװײנקלט, שמײכלענדיק צו אים:

— כ'קען נאָר סתּם פּאָעזיע, ניט קײן נאַציאָנאַלע און נאָר אַף דײטש, אַף פראַנצױזיש, כ'האָב גאָר ניט געװאוסט אַז אַף אידיש איז אױך דאָ פּאָעזיע... כ'װעל שױן איצט קענען!

און באַ דעם „כ'װעל שױן איצט קענען" האָט זי אונטערן טיש

אזא שטארקן דרוק געטון שפּיצבערגן אין דער האַנט, אַז ער האָט געפילט, אַז דאס זאגט זי אים צו. און איר שטימע האָט געקלונגען גלייך ווי עפּעס א גילדן גלעקל—

„עס וואר אן אלטער קעניג"...

די צארטע ליריק פון דעם גרעסטן און אומגליקלעכסטן ליבע־פּאַזש האָט אין איר אַ שטיק תיקון געפונען און ווען זי האָט געענדיקט:

„קענסט דו דאס אלטע לידכען
עס קלינגט זא זיס, עס קלינגט זא טריב,
זי מוזטןביידע שטערבן,
זי האטן זיך פיל צו ליב".

זיינען אין אירע אויגן טרערן געווען און דער עולם איז געזעסן צע־טומלט.

און זי האָט דעקלאַמירט נאָך און נאָך, ארויסגערופן אַנדערע צו דעקלאַמירן און זינגען און געהערשט. איין פרוי צווישן א סאך מענער, האָט עס איר נאָך מער רייץ צוגעגעבן, און האָט עמיצער געוואָלט אַוועקגיין, האָט זי ניט געלאזט. ביז טאָג זאָל מען זיצן, נאָר ווען דער זייגער האָט שוין געוויזן נאָך פיר, האָט זיך ש ט אָ ק ע ר אויפגעהויבן און געזאָגט: „איך מוז גיין פאָרן!" שטאָקער איז געווען א יונגער אידישער פּאָעט, וואס האָט דאן גראד גערינט נעבן באָטשעני און איז ספּעציעל אריינגעקומען אפן אָוונט זיך באַקענען מיט שפּיצבערגן. נאָך דער רעדע האָט ער זיך גע־זוכט דורכשמועסן מיט אים, אָבער ערנא האָט אים אויסגעכאַפּט. איצטער האָט ער זיך אָנגעהויבן געזעגענען.

אין ערנאָן האָט עפּעס אויפגעשיינט: צוליבן גאסט — האָט זי גע־זאָגט — איז אונדזער געשעצטער פּאָעט אַביסל פארשאָטנט געוואָרן, אָבער מיר רעספּעקטירן אים און מיר ווען אים באַגלייטן צום באַן.

שפּיצבערג האָט באמערקט ווי איינער פון די יונגע האָט זיך אָנגע־בויגן צו א צווייטן און לאַכנדיק א זאָג געטון: סך הכל קען ערנא פּשוט ניט ליידן שטאָקערן.

און כאָטש דער עולם האָט זיך אַביסל געקנייטשט, האָט ערנא דאָך גיך באַהערשט די סיטואציע און אירס אויסגעפירט. ווען דער עולם האָט זיך אויפגעהויבן, איז ערנאס מאַן צוגעקומען, איר געהאָלפן אָנטון. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פארטרייבן דעם שאָטן פון אומאַנגענעמענקייט פון איר פּנים און וועלנדיק זיך פארזיכערן אַז זי זאָל ניט דארפן גיין מיטן מאַן, האָט זי אויסגעשריגן:

— איך וועל היינט האָבן ס'גליק צו גיין צווישן צוויי פּאָעטן!

און לאַכנדיק צו שפּיצבערגן און צו שטאָקערן, האָט זי געזאָגט:

— איך וועל גיין שטיל ווי א טייבעלע, איר מעגט אייך רעדן גלייך ווי צווישן זיך אליין, איך בין ניטאָ...

איינער פון די יונגע חברה, וואס האָט אויסגעוויזן שטארק אינטים מיט איר, האָט זיך ציניש אָפּגערופן:

— און טאָמער וועט איר וועלן רעדן מ ע נ ע ר י ש , וועט זי אויך ניט רויט ווערן...

שפּיצבערג האָט לכתחילה אליין ניט פארשטאַנען ווי אזוי זי האָט אָפּן וועג גיך „פארלוירן" שטאָקערן, זיי זיינען לויט איר עצה צוגעשטאַנען צו אן אנדער גרופּע, פארבונדן א שמועס און דערנאָך איז אויסגעקומען, אז שטאָקער האָט געמוזט בלייבן און ערנא האָט „פארבלאָנדזשעט" מיט שפּיצבערגן...

ס'איז געווען א ווינטער נאַכט, אָבער ניט קיין שטארקער פראָסט און אין שטאָט איז דער שניי געווען צעמישט מיט בלאָטע און האלב נאָכגעלאזט, אָבער וואס ווייטער פון שטאָט און נענטער צום וואקזאל, איז דער שניי געווען קאנטאקטער און ווייסער.

און ערנא האָט „געבלאָנדזשעט" און „געבלאָנדזשעט" מיט שפּיצבערגן און פילנדיק זיך אױף פארשנייטן סטעפּ, וואו מען האָט ניט געפילט קיין איין לעבעדיקן אָטעם, האָט זיך ערנא ארויפגעצויגן מיט ביידע הענט אױף שפּיצבערגן און זיך איינגעגעסן מיט אירע ליפּן אין זיינע.

ער האָט זיך אלץ געשראָקן און פארלוירן און זי איז אלץ געוואָרן אויפגערייצטער און געוואגטער:

—אך — האָט זי גיכער געקרעכצט ווי גערעדט — אייער נאַאיוויטעט, דאס איז דאָך דאָס גרעסטע גליק...

און אזוי זיינען זיי געגאנגען. די פיס זייערע האָבן אלץ מערער געזונקען אין שניי און די קעפּ — אירער איז געווען אין הימל און זיינער— ערגעץ אױף אן עולם התוהו...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום וואקזאל האָט שוין געהאלטן באם דריטן קלונג און ערנא האָט זיך א לאָז געטון צו שטאָקערן:

— וואו זענט איר געווען? מיר האָבן אייך געזוכט און געזוכט...
און צו שפּיצבערגן האָט זי שטיל געזאָגט:

— „ליבע אין שניי" זאָל די פּאָעמע הייסן...

## III

אכט־שטעט האָט ער, שפּיצבערג, געהאַט יענעם חנוכּה צו „מאַכן“ און באטשעני איז אַף צו להכעיס געווען ניט די אכטע, נאָר די זיבעטע. און ערנאַ האָט אים דאן געפרעגט:

— און איר מוזט פאָרן? קראַנק ווערן קענט איר ניט?

שפּעטער איז ער שוין א סאַך מאָל אזוי „קראַנק געוואָרן“, דעמאָלט האָט ער זיך געשעמט. זי האָט זיך שוין ניט געשעמט, פאַר קיינעם ניט געשעמט. ס׳האָט זי ניט געאַרט — אזוי האָט זי געזאָגט — וואָס מ׳רעדט פון איר. און גערעדט האָט מען א סאַך. און אפילו פאַרן מאַן האָט זי אויך ניט מורא געהאַט. ער ברוגזט זיך טאַקע שטאַרק־אָן, אָבער־זי קען שוין מאַכן, אז דאָס איבערבעטן זאָל אים אזוי גליקלעך מאַכן, אז ר׳זאָל שוין אַפילו ביינקען נאָך א צווייטן רוגז.

האָט אַליץ ערנאַ געגעבן די עצה, אז ער זאָל אוועקפאָרן און קומען. ער האָט־זיך אַביסל איבערגעשראָקן:

— ס׳הייסט קומען? מ׳וועט דאָך וויסן צוליב וואָס ער׳ט קומען.

— טאָ זאָל מען וויסן! פאַרקערט, זאָל מען וויסן!

און אירע אויגן האָבן דערביי אזוי אָפן און אומפאַרשעמט געקוקט, אז מ׳האָט געקענט דערפילן, אז זי וויל מ׳זאָל וויסן, אז ער, דער אָראַטאָר שפּיצבערג, קומט צוליב איר. שפּעטער האָט ער דאָס פאַרשטאַנען, דעמאָלט ניט. און זי האָט ניט גערוט:

— איר האָט דאָך געהאַט א גרויסן דערפאָלג, טאָ פאַרוואָס־זשע זאָלט איר ניט האַלטן דאָ נאָך אַ פאָרטראַג? און איר וועט שוין האַלטן, מ׳וועט אייך איינלאַדן.

און ערנאַ האָט געקענט אויספירן אירס. אין דריי טעג אַרום איז שפּיצבערג ווידער געווען אין באַטשעני. ערנאַ האָט געוואָלט, אז ער זאָל איינשטיין בא איר. די אָרגאַניזאַציע אָבער האָט ניט געוואָלט, דער מאַן איז אויך געקומען צו הילף און ער איז צוגעפאָרן אין א האָטעל. אָבער דעם ערשטן וויזיט און טאַקע צען אזייגער אינדערפרי האָט ער געמוזט מאַכן בא ערנאַן.

א מאָדנע וויזיט! איר צורה האָט זיך דעמולט אָנגעהויבן אויסקריס־טאַליזירן פאַר אים, כאָטש ער איז נאָך אינגאַנצן געווען אומדערפאַרן אין אזוינע ענינים. ערנאַס מאַן איז שוין ניט געווען. דערפאַר אָבער זיינען געווען די צוויי יונגסטע חברה, וואָס האָבן תּמיד געקוקט מוראדיק ציניש אַף אים. און דעם מאַנס אַ שוועסטער, וואָס איז געווען צו גאַסט איז אויך געווען. אַ שיין מיידעלע געווען. ז׳האָט געהאַט א צאָפּ האָר, איבער וועלכן

ס'האָבן זיך אין איר פאַרליבט אַלע מענער. שפּיצבערגן האָט צו איר אַ צי געטון, אָבער ערנאַ האָט ניט געלאָזט. געפּרישטשיקט האָט מען גיך, ערנאַ האָט זיך געאײַלט און ווען מ'האָט אָפּגעפּרישטשיקט, האָט זי געזאָגט צו דער שוועגערין:

— גיי צו דער דענטיסטקע!

די שוועגערן האָט זיך געקנייטשט, ס'האָט זיך איר ניט געגלוסט גיין. האָט ערנאַ אַ געשריי געטון:

— גיי, גיי, האָסט דאָך אַזוינע אינטערעסאַנטע צוויי באַגלייטער!

דאָס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין אַזאַ טאָן, אַז מ'האָט שוין געמוזט גיין, נאָר איין בחור, דער ציגישסטער האָט געפינטלט מיטן אויג און חכמהנדיק זיך געפרעגט:

— אפשר זאָל נאָר איינער גיין באַגלייטן?..

זי, ערנאַ, איז געוואָרן היסטעריש און אַ ווילדן געשריי געטון.

און כאָטש ס'איז פאַרגעקומען אַ מורא'דיק אומפאַרשעמטע סצענע צווישן זיי און שפּיצבערג האָט זיך דאַן אינגאַנצן פאַרלוירן: אַ ווייבל, וואָס ער קען ערשט דריי טעג, אַן אַריסטאָקראַטקע, האָט אַ מאַן, דאָך איז אים פאַרבליבן פון די ציגישע בליקן פון יענעם בחור אַ סאַך אַ גרעסערער אָנדיינק פון אומפאַרשעמטקייט, ווי פון דער ערשטער „צווישן זיך" סצענע... ס'איז געווען אַזאַ ווילדער שטראָם פון ברויזנדער ליידנשאַפט, אַז ס'איז גאָר ניט געווען אויף דער ערד, ס'האָט ערגעץ אויפגעהויבן און פאַרטראָגן. און אפילו, ווען זיי האָבן זיך שוין אויסגעניכטערט און געמוזט פאַרגלעטן די שפּורן און ער איז אַוועקגעגאַנגען, ווייל ר'האָט געפילט, אַז אָט, אָט וועט אַ קלונג טון און ער וועט זיך מוזן צוזאַמענטרעפן מיט די ציגישע בליקן פון יענעם בחור, האָט ער אַלץ געפילט אַ זיסן ריח און מער גאָרניט... אַזוי אומפאַרשעמט און דאָך זיך ניט געשעמט...

## IV

פלוצים האָט ער דערפילט, אַז ערנאַ איז ניט פאַרליבט אין אים, נאָר זי וויל, אַז ער זאָל זיך פאַרליבן אין איר. און די וועלט זאָל דאָס וויסן. זי וויל דאָס אַזוי שטאַרק, אַז דער דאָזיקער ווילן ווערט פאַרוואַנדלט אין ווילדער ליידנשאַפט.

ער איז געווען ווי אין אַ טשאַד פון די „צווישן זיך" סצענעס און אַזוי האָט ער געדאַרפט האַלטן זיין פּאָרטראַג. און זי האָט געוואָלט, אַז צום פּאָרטראַג זאָלן זיי גיין אינאיינעם, אומבאַדינגט אינאיינעם. חברה האָט אַפּנים אומישנע אים געפירט אויף אַ וויזיט און ער האָט פון דאָרטן שוין

געמוזט גלייך פאָרן אין טעאטער אריין. ערנא האָט אַף אים געוואַרט און אָנגעקומען איז זי כמעט צום שלוס. אויסגעזען האָט זי, ווי א מענטש וואס אים האָט א גרויס אומגליק געטראָפן. די וויעס זיינען געווען אזוי אראָפּ־געלאָזט, אז ז'האָט זיי געדארפט ענערגיש באוועגן צו ווייזן אביסל די קיי־לעכדיקע אויגן...

נאָך פון דער וויטן האָט זי אָנגעהויבן שרייען אַף אים, ארויפקו־מענדיק נאָך דער רעדע אַף דער בינע. ר'האָט דערפילט, אז אלע קוקן אַף אים מער ווי אַף איר און זיך פארשעמט... ער האָט דערפילט אינסטינקטיוו דאָס, וואָס אַלע ווייסן פון דער פראַקטיק: א פרוי שרייט ניט אַף א מאַן ביז וואַנען זי קומט ניט אין קיין אינטימען קאָנטאַקט מיט אים... אַף איר האָט מען ניט געקוקט, נאָר אַף אים, אַף איר האָט מען שוין אַפּנים אַלצדינג געגלויבט...

און דוקא אין יענעם מאָמענט איז זי אים געווארן סימפאַטיש און ער האָט דערפילט אין איר א זעלטענע אויפריכטיקייט. ווען זי איז שוין צוגעקומען גאָר נאָענט צו אים, האָט זי פלוצים אויפגעהערט שרייען און אָנגעהויבן צאַרט רעדן, גלעטנדיק אים מיט די ווערטער:

— כ'בין געווען שטארק בייז אַף דיר, נאָר דערזעענדיק דאס בלייכ־קייט פון דיין פנים, וואס דערמאָנט עפּעס אזוי אין באַגייסטערונג, בין איך דיר שוין מוחל...

עפּעס איז זי געוואָרן אַן אַנדערע. גאָר ניט די ערנאַ, וועלכע ער האָט אזוי נאָענט געקענט, אַף וועלכער מ'האָט געקוקט מיט אזוינע שפּאָ־טישע און איינדייטיקע בליקן און אַף וועלכע מ'וואונדערט זיך שוין ניט, כ'איז א יענע, וואס האָט אין יענעם באַנאַכט דעקלאַמירט היינען און שפּעטער, אינדרויסן ווערלענם „באַן סואר, לא לין" (גוטן אָוונט, לבנה!)

געפילט האָט ער, אז לאַנג בלייבן טאָר ער איצט ניט: ר'וועט אריין אין די לייטישע מיילער. פאר זיך האָט ער ניט מורא געהאַט. ער, שפּיצ־בערג, איז אין זיין לעבן כסדר איבערגעגאַנגען פון איין עקסטרעם צום אַנ־דערן מיט א געוואַלדיקער לייכטקייט. ער איז געווען פרום און פלוצים געווארן אוים פרום, געווען אַן „אסימיליאַטאָר" און פלוצים געווארן א ציוניסט, נאָך פלוצימער אוים ציוניסט. און אזוי איז אויך געווען איצטער: אָט ערשט האָט ער זיך פאר זיך אליין געשעמט פילנדיק א צוריר פון א מיידל און איצטער האָט אים שוין ניט געאַרט, וואס מ'רעדט וועגן זיינע באַצי־אונגען מיט א ווייבל, וואס האָט א מאַן. כ'האָט אָבער געקענט שאַטן דער אָרגאַניזאַציע און ער איז אוועקגעפאָרן מיט אַן אנגעווייטיקט האַרץ א פארליבטער, א פארשכורטער און א גאַנצן וועג געפלאַפּלט, אז מ'האָט אַף אים געקוקט מיט אומפארשטענדלעכן חשד.

V

קיין באָטשעני איז שפּיצבערג גיך געפאָרן נאָך אַמאָל, כאָטש זיין פאָרן אַהין האָט ארויסגערופן אביסל אומצופרידנקייט אין דער ארגאניזאציע. איז דאָס טאַקע געווען באַ אים דער ערשטער אָפּשטויס פונם ציוניזם, וואָס מישט זיך אריין אין זיין פּערזענלעכן לעבן. צונעמען דאָס לעבן מעג ער — האָט ער געזאָגט — מישן זיך ניט...

און זי, ערנא, האָט ווידער זיך געוויזן אזא „אַלצדינגג צוליב יענעמדיקע", אזא אפעקטירט־טעאַטראַלישע, אז ר'איז ווידער קאַלט געוואָרן צו איר. ער איז אַ מאָמענט געבליבן מיט איר און מיט אירער א חבר'טע און זי האָט אים געזאָגט ד ו . זי האָט אים אזוי שטאַרק און אזוי בולט געדוצקעט, אז ס'איז געווען קלאָר, אז זי זאָגט דערמיט צו דער חבר'טע: איך בין מיטן רעדנער שפּיצבערג אַף דו...

האָט ער איינמאָל אויסגעזוכט א געלעגנהייט מיט איר אליין צו בלייבן, נאָר צו קיין „צווישן זיך" סצענע האָט ער ניט דערלאָזט, ניט ווויסנדיק ווי אזוי האָט ער אָפן און פּראָסט געפרעגט:

— דו שפּילסט זיך מיט מיר, בכדי אנדערע זאָלן וויסן, אז דו באזיצסט מיך?

זי האָט אָנגעהויבן וויינען. ער האָט געמיינט, אז ערנא קען נאָר קיילעכדיק לאַכן. אָבער וויינען גאָר...

און דערנאָך האָט זי גערעדט, דערציילט, אביסל האָט ער זי, דוכט זיך, אָנגעהויבן פארשטיין, נאָר זי איז נאָך געוואָרן א גרעסערער סוד.

באַם אָנהויב כמעט גאָרניט: א חסידיש נגידישע טאָכטער, וואָס האָט געלערנט פראנצויזיש און ענגליש, וואָס רעדט דייטש און וויל ניט קענען קיין אידיש און רומעניש, האָט זיך געפּעסטעט... דערנאָך אָבער איז זי געוואָרן מאָדנע.

זי, ערנא, האָט דעם מאַן ניט ליב, נאָר ז'וואָלט געלעבט מיט אים, ווען ס'טרעפט איר ניט דאָס אומגליק. ס'איז באַ איר געשטאָרבן א קינד פון אַ יאָר. דאָס צוזאמענלעבן איז געווען באַ איר אַ שווערע און זי איז דאָך געבליבן געטריי דעם מאַן, כאָטש זי האָט ניט געהאַט פאר וואָס געטריי צו בלייבן: ז'האָט דאָך אים ניט ליב געהאַט; אָבער ר'איז געווען דער טאַטע פון איר קינד. און דאָס קינד האָט זי ליב געהאַט עפּעס ווי א מאַן, אין וועלכן מ'איז פארליבט... „איך פלעג זיך פּוצן ווען זיינעטוועגן, האָב אים געוואָלט געפעלן, אויסזען שיין אין זיינע אויגן, פונקט אזוי ווי באַ אַ מאַן, אין וועלכן כ'בין פארליבט, כאָטש ס'איז אַן אַנדער געפיל"...

און דערנאָך, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבן, האָט זי נאָכגעגעבן איר היסטעריע. און מ'האָט זי אָנגעהויבן בארעדן. די זעלבע מענער, וואס האָבן זיך גענוצט, האָבן זי בארעדט... „האָב איך לכתחילה זיך געשראָקן, דער־נאָך האָב איך שלום געמאכט. פון אזוינע זאכן ווערט דאָך דער מאן גע־וואוירע דער לעצטער און אז ער ווערט שוין געוואוירע, גלויבט ער ערשט ניט אינגאנצן"...

אָבער ליב געהאט האָט זי נאָר צוויי. איינער איז א דאָקטער אין בוקארעסט און דער צווייטער שטודירט אין פאריז. און זי האָט זיי נאָך — אזוי האָט זי געזאגט — אויך איצט ליב... פארוואס עפעס צוויי? איינעם האָט זי אנדערש ליב און דעם צווייטן אויך אנדערש... און פלוצים האָט זי אים אנגעכאפּט מיטן גאנצן קערפּער באם גאנצן קערפּער:

— אלעמאי האָב איך איצט ליב א דריטן און אויך אנדערש... גאָר אנדערש.

און זי האָט זיך גענומען קלאָגן פאר אים למאי ער האָט זי ניט ליב. ער האָט שוין אזוי פיל שילערס און שילערנס ציוניסטן און זי האָט ער נאָך ניט געמאכט פאר קיין ציוניסטקע. און זי האָט אים געוויזן, אז זי קען שוין אביסל לייענען און שרייבן אידיש און זי וואָלט געקענט נאָך מער, ווען זי דאַרף זיך ניט באהאלטן מיטן לערנען... מ'האָט פון איר חוזק געמאכט, ווען מ'האָט זי געזען מיטן אידישן ביכל און געזאָגט, אז צוליב שפּיצבערגן. „פון מיין געפיל צו דיר וויל איך ניט מ'זאָל לאכן. פון עפּעס אנדערש יאָ... איך קען זיך איבערגעבן יעדן ערשטן מאן, כ'בין א קראנקע, א היסטערישע, זיי ווילן לאכן פון א קראנקהייט זאָלן זיי, אָבער פון מיין הייליק געפיל וויל איך ניט ליידן מ'זאָל לאכן. און שפּיצבערג האָט איר אלצדינג מוחל געווען.... און ער האָט איר דערציילט פּרצ'ס „אראפּגעלאָזטע אויגן". און זי האָט פארשטאנען, אז ער מיינט, אז כאָטש איר קערפּער איז זינדיק ניט דורך א פריץ, נאָר דורך דער אייגענער קראנקהייט, איז־איר געדאנק ריין און זי האָט געקוקט אַף אים מיט אירע גרויסע, לויטערע אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט טרערן פון דאנקבארקייט...

## VI

זייט דעמאלט האָט ער זי מער ניט געזען; מ'האָט אים פארווערט צו פאָרן קיין באָטשעני — די ארגאניזאציע איז קאָמפּראָמעטירט געוואָרן דורך זיין קומען. בריוו האָט ער א לאנגע צייט באקומען פון איר. און פלוצים האָט ער אויפגעהערט שרייבן. זי האָט אים געשריבן בריוו, וואס

זיינען־געווען מער פול מיט ציוניזם ווי מיט ליבע און ער איז שוין געווען אזוי ווייט פון ציוניזם. און זי האָט נעבעך געמיינט וואס מער אים צוליב צו טון...

און פלוצים האָט ער זיך דערוואוסט, אז זי האָט זיך געזעגנט מיטן מאן און פאָרט קיין פאריז. דער בוקארעסטער דאָקטער האָט חתונה געהאַט און ער, שפיצבערג, איז דאן שוין געזעסן אין טיורמע אלס סאָציאַליסט, איז זי געפאָרן קיין פאַריז צום סטודענט.

ער האָט זי געוואָלט זען, ס'האָט אים געצויגן אזוי, אז ר'איז געווען גרייט צו אַנטלויפן, ס'איז שוין אָבער געווען שפּעט. האָט ער טאקע ניט גע־וואוסט ווי אזוי זי איז באַגאַנגען אַזאַ שריט. דאס איז שוין מעשה־פרוי און זי איז דאָך געווען א קינד, ז'האָט דאָך אַף רוגז געקענט ענטפערן נאָר מיט טרע־רן, אָדער מיט א שמייכל... ווי אזוי האָט ערנאַ געקענט זיך גטן און אוועק?

פון פאַריז האָט ער געהאַט בריוו פון איר; ערשט איצטער האָט זי אָנגעהויבן וויסן וואס הייסט לעבן און גליק. אזוי האָט זי געשריבן. אירע בריוו זיינען געווען פול מיט גליק.

האָט זי געדאַרפט נעמען באַם מאַן א גט: ער האָט געוואָלט פריי זיין. האָט זי איבערגעלאָזט דאס גליק אין פאַריז און אליין געפאָרן קיין בוקאַ־רעסט און אפן וועג האָט זיך איבערגעריסן דאס לעבן צוזאַמען מיטן אַזוי לאַנג געגאַרטן און אזוי קורץ געדויערטן גליק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„...און גיי וויים, אז ווען עס וועט אַרוים אַפן ברייטן וועג, וועט עס אָנטרעפן אפן תהום און ס'וועט קומען דער סוף".

# דער גנב און די ליגנערטע

חבר גיטער האָט אויסגעזען אַזוי קיילעכיק אין אַלע איברים און באַ־ וועגונגען און האָט געהאַט אַזאַ פּשוטקייט אין גאַנצן אויסדרוק אין זיינעם און האָט מיט אַזאַ אויפריכטיקן קול גערעדט און יעדער וואָרט אַרומגע־ וויקלט מיט אַזאַ גוטהאַרציקן אומבאַשטימטן קלאַנג, וואָס איז געווען אַי געלעכטער, אַי: „ע... ע... נאַדיר... ע... ס'גאַנצע... ע... האַרץ... ע", אַז חברים האָבן אים אין גוטן מוט כסדר געזאָגט: „גיטער, דו ביזט אַזוי פּשוט און אַזוי גוט, גלייך דו וואָלסט גאָר ניט געווען קיין מענטש, נאָר אַ לעמעלע". און גיטער האָט דערויף אויך געענטפערט מיט אַ געלעכטער, וועלכן ער האָט אַרומגעוויקלט מיט זיין אומבאַשטימטן קלאַנג פון גוטהאַרציקייט און ווען ער זאָל געווען קענען, וואָלט ער זיך געווען אַנידערגעשטעלט מעקען ווי אַ לעמעלע, אַבי די חברים זאָלן הנאה האָבן...

קיינער האָט ניט געוואוסט ווי אַרומער חבר גיטער האָט אויסגע־ וואַקסן און ווי אַזוי ער האָט געוואָונען אַזאַ צוטרוי אין דער פּאַרטיי, וואָס איז געווען העכער העלפט אומלעגאַל. ער איז געוואָרן אַליין אַ שטיק פּאַר־ טיי, דורכגעפירט די שווערסטע אַרבעטן און געפערלעכסטע אַרבעטן און קיינער האָט ניט געקענט געדיינקען, צי האָט ער געבראַכט דאָקומענטן פון ערגעץ. מ'האָט געוואוסט, אַז ער האָט געלערנט אין אַ פּאַרטיי שול און מ'האָט גע־ גלויבט אי זיין גוטסקייט, אי דער פּאַרטיי־שול.

און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיטן צוטרוי האָט מען זיך ניט אָפּגענאַרט; ר'איז אינגאַנצן געווען אַריינגעטון אין דער פּאַרטיי. ס'איז באַ אים אין האַרץ ניט געווען כמעט קיין פּלאַץ פאַר עפּעס אַנדערש, ס'איז אַהין נאָך קוים אַ פּאָלקס לידל אַריין, וועלכעס ער האָט געזונגען, פּונקט ווי גערעדט, אַרומוויקלענדיק דאָס מיט זיין אומבאַשטימטן האַרציקן קלאַנג. און ער איז געווען גליקלעך, אַז מ'האָט זיך פון אים אויסגעלערנט אַ ניי פּאָלקס־לידל. ס'האָט שוין געמעגט זיין פאַר אים אַלט, ס'האָט שוין לאַנג געמעגט ליגן פאַרשימלט און פאַרגעסן ערגעץ אין אַ ווינקל פון זיין האַרץ, אָבער אַז ער האָט גענומען דאָס לערנען עמיצן, איז דאָס פאַר אים

אליין געווארן ניי און ער האָט זיך דערמיט געקושט, גלייך ווי ער אליין הערט דאס צום ערשטן מאָל. דאס לידל איז פאר אים געווארן, פונקט ווי א ווייב, וואס איז שוין צוגעגעסן דעם מאַן און ער איז שוין קאַלט צו איר, געבוירט א קינד און צוליב דעם שפּילן זיך מיטן קינד, ווערט אויפגעפרישט דער אַמאָליקער רייץ...

דוכט זיך ניט קיין שכל געהאט און דאָך אפשר „א פּוד שכל" אריינ־געלייגט אין יעדער שטיקל פּארטיי ארבעט. „א פּוד שכל" איז געווען טאקע זיינס א וואָרט און ער פלעג דערביי תמיד דערציילן, אז דער איד, וואָס פלעג פירן מיסט בא זיי אין שטעטל האָט געזאָגט, אז אַף אַרויסצופירן איין וואָגן מיסט, דאַרף מען א גאַנצן פּוד שכל. און אַז ס'האָט זיך געמאכט אז דער חבר סאַשאַ, דער רעדאקטאָר פון דעם האלב־לעגאַלן פּארטיי־ארגאַן, וואָס האָט אליין אויסגעפולט דאס גאַנצע בלעטל, איז אַריינגעפאַלן אין א מרה שהורה, אָפּגעשיקט די זעצערס צו בענים מאמע און האָט געשריגן, אַז ער האָט שוין ניט קיין מאַרך אַף צו געבן דער פּארטיי, אז ער האָט געקענט זיין א גרויסער דיכטער, נאָר ווייל ער דאַרף שרייבן אין פּארטיי־ארגאַן אי לייט־ארטיקלען, אי „שווערע" אַרטיקלען, אי פעליעטאָנען, אי נאָטיצן, אי אינפאָרמאַציעס און ער דאַרף ערשט לייען אַף א קאַווע און אַף א ציגאַר, איז ער פארבליבן א צייטונגס־שמירער און ערשט אַן אומ־באַקאַנטער, האָט אים תמיד גיטער געקענט באַרואיקן און דערצו אויפהויבן זיין שטימונג אזוי, אַז ס'זאָל אַרויס א נומער, וואָס זאָל בריען. און נאָר מיט א ניי פאָלקס־לידל פלעג חבר גיטער נעמען סאַשאַן. א צעפּעסטעטער געווען חבר סאַשאַ, איבערגעזעטיקט זיך פון תמיד אַן מיט לייענען, לעבן און טעאַטער, ניט געווען פרעמד פאר אים א ווינקל אין דער וועלט־ליטעראַ־טור און ניט געווען פרעמד א ווינקל אין שאַנטאַן, געווען אויסגעקאָכט מיט די בארימטסטע אקטריסעס און חבר געווען מיט א מענגע שאַנסאָנעטקעס, צו דער פּארטיי זיך תמיד צוגעקלעפּט אַף העלפט: געווען פרעמד צו די ארבעטער און ווען ער האָט אויסגעפירט די פאראנטווארטלעכסטע שליחות, האָבן אַף אים ארבעטער געקוקט, ווי אַף אַן אינטעליגענט, וואס שיינקט... און חבר גיטער האָט אים תמיד באַהערשט און מיט חבר גיטער איז ער געווען היימיש, ווי מיט זיינעם א גלייכן. סאַשאַ פלעג אַמאָל זאָגן צו גיטערן: „אַז פּאָליציי פּאַקט מיך אריין, גייען שאַנסאָנעטקעס און קיצלען דעם פּאָליציי־דירעקטאר אונטערן אויער אַזוי לאַנג ביז ער לאָזט מיך אַרויס און אַז די מרה שחורה פּאַקט מיך, ווערסטו די שאַנסאָנעטקע און קיצלסט דער מרה שחורה אזוי לאַנג אונטערן אויער ביז וואַנען זי לאָזט מיך אַרויס"...

און גיטער פלעג צעשמאָלצן ווערן פאר תענוג בשעת סאַשאַ האָט זיך

שוין צוריק איבערגעבעטן און זיצנדיק מיט א קאווע געשריבן גיך גיך און אונטערגעברומט זיך דאָס לידל, וואס ער האָט אים ערשט אויסגעלערנט:

דיין טאַליע, דיין מינע
דיין איידעלער פאַסאָן
אין הארצן ברענט א פייער
מ׳זעט דאָס ניט אָן...

סאשא פלעג טשמאקען פאר תענוג: אַך,אַך... באַם אָנהויב אזוי שניי־דעריש: טאַליע, מינע... און פלוצים וואקסט דאס אזוי אויס: „אין הארצן ברענט א פייער, מ׳זעט דאס ניט אן“... ווערלען וואָלט זיך דאך ניט גע־שעמט מיט אזעלכע שורות“... און ער פלעג זינגען ווייטער:

ניטאָ אזא מענטש,
וואס זאָל פילן ווי עס ברענט,
דער טויט און דאס לעבן
בא דיר אין די הענט...

און סאשאַ פלעג זיך ווייטער באַלעקן. געמאכט פון אבסטראקטער ביבל א ליבע ליד: „טויט און לעבן בא דיר אין די הענט“... ניט בא גאָט, נאָר באַם מיידל... אַך, אך... איך וועל שוין תמיד בלייבן באַם אידישן ארבע־טער, מער גיי איך ניט שרייבן אַף גויאיש... פאַלאצן איז בא זיי דאָ, שאַמ־פאַניער, בלומען... כ׳האָב אזוי ליב בלומען... צו דער קעניגן האָט מען מיך שוין געהאַט איינגעלאַדן, ווען איך האָב געשריבן גויאיש, רומעניש... אָבער אזעלכע לידלעך איז דאָרט ניטא און אַז ס׳זיינען דאָ קריכן זיי ניט אזוי אין הארצן אריין, ווי דאָ“... און אויסשרייענדיק: „צוליב דעם אידישן לידל האָב איך זיך ניט געשמאַדט“, האָט ער אריינגערוימט גיטערן א סוד אין אויער: „איך וועל דאס אנשרייבן אין א דערציילונג“. און גיטער האָט אים געלאָזט פלאַפלען, ווידער א ברום געטון דאס לידל, סאשאַ האָט דאָס גענומען נאָכברומען און דערביי שרייבן גיך גיך, שווערנדיק זיך, אז צוועלף שעה וועט ער זיך פון אָרט ניט אויפהויבן, ביז וואַנען ער וועט ניט פאר־טיק מאַכן דעם נומער, אָבער א נומער, וואס זאָל ברענען... נאָר קאַווע זאָל מען אים געבן. און חבר גיטער, וואס האָט דעם נומער געלייענט געשריבע־נערהייט, האָט אים דערנאָך געלייענט געדרוקטערהייט און יעדער שורה אויסגעזונגען מיט דער מעלאָדיע פון נייעם לידל, וואס ער האָט אויסגע־לערנט סאשאַן און סאשאַ פלעג זאָגן, אז דער גאנצער נומער איז געשריבן אין ריטם פונם לידל...

גיטער פלעג קלערן פון דער פארטיי ממש אזוי ווי א טאַטע קלערט פון זיינע קינדערלעך. ער איז געווען אן אייער־קלייבער, ער פלעג שטיין מיט א לאמטערנדל אין דער פינצטערער קאַמער, אריינקוקן מיט דעם אין

די שפּיצעביק־קיילעכיקע אייער אריין, אָנזען דאָ א לויטערע מלוכה פון ווייס און געל, דאָ אביסל קאַלאַמוטנע, דאָ שוין אַלע איברים פון א הינדע־לע... ער פלעג די אייער סאָרטירן און שמייכלען, וויקלענדיק די ווערטער מיט זיין אומבאַשטימטן הארציקן קלאַנג: דאס וועט זיין צו זיפּן רויערהייט און אפילו פאר א גאָגל־מאָגל עעע... די דאָזיקע וועלן שוין זיין נאָר פאר געקעכטס... ע... און די דאָזיקע וואָלט מען געדארפט ארויסווארפן עע... נאָר מענטשן, וואס האנדלען מיט אייער עע... זיינען געלט פרעסערס און זיי ווילן, אז מענטשן זאלן פרעסן פארשטונקענע אייער... ע... ע...“ און סאָרטירנדיק אזוי די אייער, פלעג ער זיך מאַכן א חשבון אויף פונם פאר־דינסט און פלעגט איינטיילן: אזוי פיל געבן אַף ארעסטירטע, אזוי פיל אפן פּארטיי־ארגאַן, אפן לאָקאַל. זיך אליין פלעג ער לאָזן דעם קלענסטן חלק. אפילו סאשאַן אַף קאַווע פלעג ער לאָזן.

אין קיין טעאָרעטישע ענינים האָט ער זיך קיינמאל ניט געמישט, אָבער וויפל מאָל זיין פארטיי איז געשטאַנען אין א „טעאָרעטישער סכנה“, אזוי פיל האָט ער זיך מיט זיין גאנצן גוטסקייט אריבערגעלייגט איבער דער פארטיי, ווי א קוואָקע, וואס פארשפרייט זיך איבער אירע הינדעלעך... ער האָט געהערט צו א פארטיי, וואס האָט כסדר געמוזט, שטארק קוועטשן מיטן פינגער און שפּאַלטן האָר, בכדי ניט צו רירן פון דער „וויסנשאפט־לעכער פראָבע“, ער האָט א סאך מאָל ניט קלאָר פארשטאַנען די ספּעצי־פישע דיאַלעקטיק, וואס די פארטיי אינטעליגענטן האָבן באנוצט בעת די וויכוחים, אָבער וויפל מאָל מ'האָט גערעדט וועגן ליקווידאציע, האָט ער זיך מיט זיין גאנצן פלייש און בלוט און מארך געוועדט קעגן דעם, פונקט ווי א פרומער איד ווערט זיך קעגן שמד פון זיין טאכטער...

סאשאַ פלעג אמאָל זיך צארט א שפּיל טון מיט אים און זאָגן: דו גוטער גיטער, וואס טויג דיר דאָס דאָזיקע דריידל מיט דער סטראַטעגיע, ביזט דאָך פשוט א נאר. אין רומעניע שמייסט מען דיך, ווייל דו ביזט א קאָמוניסט און דו ביזט מער אונטן ווי אויבן און אין ראטנרוסלאנד ביזטו א שאָוויניסט און מ'האלט דיך אויך מער אונטן ווי אויבן, צו וואס־זשע טויג דאָס דיר?...

גיטער פלעג מער ענטפערן מיט טרערנדיקע אויגן, ווי מיטן מויל: הלמאי בין איך אמאָל געזעסן אין טיורמע, האָט זיך צו מיר געטשעפּעט אן אנארכיסט למאי איך, א פועלי ציון, א שאָוויניסט, בין ארעסטירט... איך בין אים ניט אָנגעשטאַנען פאר קיין ארעסטאַנט. האב איך דאָך אויך געקענט זאָגן: „פאר פּאָליציי בין איך טריף, פאר פּאָליטישע ארעסטירטע אויך...“ אָט האָסטו ליב סאשאַ, פּאָלקסלידלעך און איך האָב ליב די פארטיי, נאָר איר אידייע... איך פארשטיי זי ניט אינגאנצן, פילן פיל איך

זי, פֿאַרשטייען ניט... ע... ע... מ׳דאַרף תּמיד עפּעס ניט צו פֿאַרשטיין, אַף צו קענען ליב האָבן... עע... דו פֿאַרשטייסט צופֿיל עע..."

און גיטער פֿלעג אַזוי אַן אויפֿהער ריידן, טויזנט מאָל זאָגן מיט שטום־לשון „סאַשע" אַנשטאָט „סאַשאַ" און וויקלען זיין אומבאַשטימטן קלאַנג אַרום די ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעגאָסן פֿון מויל, פּונקט ווי ס׳גיסן זיך טרערן פֿון די אויגן.

און אַז גיטער איז געבליבן אָן אַרבעט, איז ער תּמיד געבליבן אָן איין גראָשן, כאָטש פֿאַרדינט האָט ער תּמיד ניט שלעכט. ער האָט זיין גאַנצע פֿאַרדינסט אויסגעגעבן אַף דער פּאַרטיי. פֿונדעסטוועגן האָט ער ניט געוואָלט ניט נעמען און ניט לייען קיין איין גראָשן באַ דער פּאַרטיי. ער איז תּמיד געקומען אַ גוט פּריילעכער אין דער פּאַרטיי אַריין און אַף טרוקן ברויט האָט ער שוין ערגעץ זיך אַנטליגן..

קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס גיטער וויל אַזוי שטאַרק דווקא קריגן אַרבעט באַ דער קליידער־פּאַרטיילונג. ס׳איז געווען ניט לאַנג נאָך דער וועלט מלחמה, פֿון אַמעריקע האָט מען געשיקט קליידער אַף צו פּאַרטיילן, די פּאַרטיילונגס קאָמיסיע איז צענויפֿגעשטעלט געוואָרן פֿון עט־לעכע פּאַרטייען, זיין פּאַרטיי איז אויך אַריין, האָט ער געהאַלטן אין איין מאָנען, אַז מ׳זאָל אים געבן אַרבעט באַ די קליידער. וואָס מ׳האָט אים ניט געפֿרעגט: „דו פֿאַרדינסט דאָך מער ,צו וואָס דאַרפֿסטו די דאָזיקע מחיה בזויה?" ס׳האָט ניט געהאָלפֿן, ער האָט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל געפֿאָ־דערט, אַז מ׳זאָל אים געבן אַרבעט באַ די קליידער און מ׳האָט אים דאָרט געגעבן אַ שטעלע. די קליידער זיינען געווען פֿול מיט שטויב און מיט שימל און זיינען געלעגן אין אַ מין קעמערל, וואָס האָט דערמאָנט אין די טעאַטער גאַרדעראָבן. ס׳איז געווען שווער צו אָטעמען דאָרט, אַ שווערע משא האָט זיך אַרויפֿגעלייגט אַף די לונגען, אַז מ׳איז אַהין אַריינגעקומען און חבר גיטער איז דאָרט געשטאַנען שעה׳נווייז אָן איינגעבויגענער. זיין גוט היי־זעריקלעכע שטימע איז געוואָרן נאָך הייזעריקער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס חבר גיטער האָט זיך אַזוי שטאַרק געצויגן צו די שמאַטעס: ער האָט יעדע צוויי דריי טעג אַרויסגעגאַנוועט פֿון דאָרט אַ פּעקל קליידער, דאָס פֿאַרקויפֿט און דאָס געלט געגעבן דער פּאַרטיי. אין דער פּאַרטיי האָט דאָרט געהערשט אַ מוראַ׳דיקער דלות, דער אָרגאַן איז שוין עטלעכע מאָל ניט דערשינען צו דער צייט, קיין דירה געלט איז שוין אויך ניט געווען און חבר גיטער האָט מיט זיין גנייוויש געלט אויפֿגעפֿרישט די פּאַרטיי, ווי אַ רעגן אין אַ שטיקנ־דיקן זומער־טאָג. סאַשאַ האָט צו אים געזאָגט: ס׳איז שוין געווען פֿינצטער אין אונדזער ווינקל, אַז מייז און טאַראַקאַנעס האָבן אונדזער מלוכה שיעור

ניט פאַרכאַפּט, ביזטו דערשינגען, גוטער חבר גיטער ווי מיט א לאַמטערן אין האַנט, פון וועלכן ס'האָט ארויסגעשיינט גאָלד און די מייז זיינען אנטלאָפן און די טאראקאנעס זיינען זיך צעקראָכן... אָך גאָלד, גאלד, אין אונדזער געזעלשאַפט ביזטו ניט נאָר דער שיין פון דעם לעבן, נאָר אויך דער שיין פון דער רעוואלוציע... ווארף אראָפּ א הויפן גאָלד און ס'וועט זיך אָנבויגן אויפצוהויבן ניט נאָר די שענסטע קראַסאַוויצע, וואס נעמט טויזנטער פאר א נאַכט, נאָר אויך דער גרעסטער רעוואלוציאָנער, וואס טראגט אין בוזעם א פלאַם אַף אונטערצינדן דעם קנויט פון דער וועלט"...

גיטער האָט סאַשאַן אָנגעקוקט מיט ברוגזלעכע אויגן און סאַשאַ האָט זיך פארלוירן: „כ'האָב נאָר א וויץ געמאכט. סך הכל האָב איך גאָר געדאַרפט זינגען א הימן דער גניבה. ניט פייער פון הימל האָסטו געגאַנוועט, נאָר שמאַטעס בא פארטיי מענטשן און דו האָסט ליכטיק געמאכט... מיט שמאַטעס ליכטיק געמאַכט".

און גיטער איז ארומגעגאַנגען כסדר א גליקלעכער און ווען ער זאל זיך ניט געוועזן שעמען, וואלט ער געוועזן... געבעטן גאָט, אז די שמאַטעס זאלן זיך ניט ענדיקן און אין די ווינקעלעך פון דער פארטיי זאל שיינען. ס'איז אים קיינמאָל ניט איינגעפאלן, אז ער באגייט עפעס אַן עוולה, ער האָט זיך געפילט מיטן געוויסן גאַנצער ווי תמיד. ער וואָלט תמיד געוועזן געגאַנגען קליידער מיט סאַמע לאַטעס, איידער צו האָבן א לעבל אָדער לאַטקעלע אפן געוויסן. „וועגן דער זאַך — האָט ער געזאָגט — מעג מען טון אלצדינג. אמאַי מאַכט מען א רעוואָלוציע און מען פאַרגיסט בלוט וועגן דער זאַך".

די מיטגלידער פון דער פארוואלטונג פון דער קליידער־פארטיילונג פון די אנדערע פארטייען האָבן פלוצעם אנגעהויבן קלערן למאי אזא „גרויסע פארטיי־שישקע ווי חבר גיטער" איז בא די קליידער, למאי דער פארטיי־ארגאַן דערשיינט צו פּינקטלעך און למאי נאָך טויזנט אנדערע קשיות און גענומען סלידעווען. נאָכגעקוקט דעם חבר גיטער, נאָר ווי פּאָליציסטן קוקן נאָך א פאַרדעכטיקן. חבר גיטער אָבער האָט תמיד געהאַט ס'געוויסן גאַנץ בא זיך און אויסגעהאלטן די שאַרפסטע בליקן אַף זיך, ניט אומקוקנדיק זיך. אָבער א פארטיי־קעגנער האָט אים דאָך געפּאַקט: געוועזן א אידל, וואָס האָט געהאַט א געשעפטל פון וואורשט, בראנפן און ברויט. טאַקע פארקויפט אַף אין דרויסן, אָבער אמאָל, אמאָל דאָך געלאַזט מאַכן א כוסה אינווייניק, איבערהויפט האָט ער אליין געגעבן צו לייזן און געכאַפּט תמיד א שאַרף ביסל בראנפן און דאס פעטסטע שטיקל וואורשט, האָבנדיק דערפון תמיד פארגאָסענע אייגעלעך און רויטע בעקלעך. שטיינזעץ האָט ער געהייסן; א אידל, וואָס האָט זיך שיער ניט געקהלט ארום

„שומרי שבת“ און שווער אויסגעהאלטן ניט צו מאכן א ברכה און דאָך געווען א חבר פון אַרבעטער פּארטיי. קענענדיק פּאַקן א מענטשן, וואס „לאפקעט“ ארוים אַ פעקל באַ זיך אין געשעפטל, האָט ער געפּאַקט חבר גיטערן אין א שבת פּאַרנאַכט אין איינס און צוויי:

— וואוהין איז חבר גיטער?

— א היים.

— שווער געארבעט?

— ניט גרינג.

— און דארפסט ערשט ארבעטן נאָך דער ארבעט, גיב אַהער מיר דאס פּעקל, וואָס דו האלטסט אונטערן מאַנטל.

און ביז אין צוויי מינוט אַרום האָט שוין געקלונגען, אז חבר גיטער האָט געגאַנוועט... טאַקע חבר שטיינזעץ האָט אים געפּרואווט איינריידן:

— איך ווייס דאָך, אז ניט פאר זיך. פאר זיך וועסטו דאָך ניט גאַנ־ווענען. ס'איז געווים פאר דער פּארטיי, זיי זיך מודה.

— וואס רעדט איר — האָט גיטער געגאָסן זיינע ווערטער ווי טרערן — וואָסאַרא פּארטיי? די פּארטיי וועט דאָך ניט נעמען קיין קליידער פון אָרעמע לייט. דאָס בין איך אליין געווען אַזאַ פּאַסקודניאַק, חבר שטיינזעץ.

—אויב שוין יאָ פאר זיך — האָט שטיינזעץ גיפטיק געקוויטשעט — טאָ פּאָר זשע לחיים ולשלום און זיי מיר ניט קיין חבר. און קום מער ניט אהער, ווייל די קליידער זיינען פאר קבצנים, ניט פאר גנבים...

די פּארטיי האָט געמוזט אויסשליסן חבר גיטער. דער פּאַרזיצנדער האָט באַ דער זיצונג, אף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געווארן אז מ'זאָל א פ י צ י ע ל אויסשליסן חבר גיטערן, האָט געזאגט: „די זיצונג באַ־שליסט אויסצושליסן דעם בעסטן חבר פון דער פּארטיי פאר זיינער א זייער גוטער טאַט, וועלכע מ'וואָלט געמעגט רעקאָמענדירן די אַנדערע חברים“...

געפירט האָט זיך די זיצונג ווי א קאָמעדיע, אָבער אינווייניק האָט געציפּט באַ די הערצער און ס'האָט זיך געפילט, אז ס'איז א טראגעדיע מער, ווי א קאָמעדיע.

חבר גיטער האָט דאס צום הארצן ניט גענומען, ניט געלאָזט ארי־בערקומען פון יענער זייט קנעפּל, נאָר אז ער האָט געזען אין פּאַרטיי־ארגאַן א מעלדונג: „פאר גאַנוועגען געזעלשאַפטלעכע געלדער איז חבר גיטער אויסגעשלאָסן פון דער פּארטיי“, האָט ער אָנגעהויבן וויינען... ער האָט זיך שיער ניט צעשמייכלט, ווען ער האָט א קלער געטון, אז דער דאָ־זיקער נומער, וואו ס'איז דאָ די מעלדונג וועגן זיין אויסגעשלאָסן ווערן,

איז ארויסגעגעבן מיט זיין געלט; שפּעטער אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אױפֿן צווייטער נומער איז שוין קיין געלט ניטאָ, האָט ער ווייטער געוויינט...

אַלע האָבן שלום געמאַכט מיט דעם דאָזיקן מצב, דער „אויסגעשלאָ־סענער" גיטער איז ווייטער געווען כּל ולך אין פּאַרטיי, אָבער נאָר ביזן טויער, פון יענער זייט טויער איז ער געווען א גנבֿ. חבר סאַשאַ פלעגט זאָגן: „פע, ניט גוט צו זיין דאָ. מילא דער גנבֿ יאַק דער גנבֿ, אָבער די ליגנערטע, זי האָט געדאַרפט זאָגן דעם גאַנצן אמת און ניט לאָזן אַזוי פאַרפלעקן א חבר... אַז ער גייט אין גאַס, רינט דאָך פון אים, פון אונדזער גוטן גיטער, אַזאַ נאָמען האָט מען אים געמאַכט. אַז די פּאַרטיי איז אויך אַ ליגנערטע, איז די גאַנצע וועלט ניט ווערט, וואָס מ'לעבט אויף איר און מ'קעמפט פאַר איר..."

גיטער האָט גוט געשמייכלט.

# דער לעצטער פּרואוו

## I

פון דער העלער הויט איז אין שטעטל ארויסגעשפּרונגען א קלאנג, אז זי, די לאנגע לערערקע פאני, האט אים, דעם אומגעלומפּערטן מענדל פענדלמאן, געגעבן דעם דרך. אייניקע האבן שוין אפילו דערציילט, אז זיי האבן אליין געזען, ווי מענדל איז ארויסגעגאנגען פון דעם דענטיסט קולס־קיס פאראדנער טיר מיט אן אפּגעשניטענער נאז.

קיין שטארקע נייס האט אין דער גאנצער מעשה ניט געשטעקט. מ'האט שוין אין שטעטל ניט איינמאל „געטרעבערט" מענדלען דערפאר וואס ער לאזט זיך פירן פון פאנין ווי א „ליאלקע אף א שטריקל" גיט זי א צי צו זיך דאס שטריקל, לויפט ער צו איר, ווי א פארסאמטע מויז, גיט זי א שטויס דאס שטריקל, פליט ער ארויס דורך דער טיר, ווי אן אפּגעשמי־סענער.

און דאך האט מען וועגן זיי ניט אויפגעהערט רעדן. אביסל, ווייל פון עפּעס רעדן דארף מען דאך און דאס שטעטל איז אזא פוסטקע. און אביסל איז טאקע אויסגעקומען מאדנע די גאנצע געשיכטע. צו וואס פאר א רוח דארף פאני, די אריסטאקראטקע, דעם אומגעלומפּערטן מענדלען און צו וואס פאר א שווארץ יאר דארף מענדל די געברוינטע ליידן, מיט וועלכע זי האלט אים אין איין האדעווען?

האט מען געהאלטן אין איין רעדן. מ'האט זיך דערמאנט, ווי אזוי די דאזיקע פאני איז אנגעקומען. פּלוצים אזוי, האט מען דערזען אפן שפּא־ציר א לאנגע מויד מיט ליכטיק בלאנדע האר, מיט א ווייס־מילך פּנים און מיט אויגן, וואס האבן ווי אנגעשוואלענע זיך געסטארטשעט און גע־ריסן פון די לעבער ארויס. מ'האט דערקענט, אז זי וויל שיסן מיט זיי, האט מען זיך אנגעהויבן צו קריגן איבער איר. אייניקע האבן געזאגט, אז זי איז אן „אנגליטשאנקע" (ענגלענדערין) און אנדערע האבן פארקערט געדרונגען, אז זי איז אן עכטע קאצאפּקע. און טאקע דעמאלט איז אנגע־קומען מענדל פענדלמאן און דערציילט, אז זי איז א אידישקע, ער קען אפילו איר טאטן, נחום חזן פון א דערבייאיקן שטעטל. און חברה האט

טאַקע באַלד אויסגעפּונען, אַז זי האָט אַ לאַנגן האַלדז מיט אַ קנאָפּ ווי אַ הזן און וואַסערדיקע אויגן. און בני ביה האָט מענדל זי אָפּגעשטעלט און גערעדט מיט איר בפני כל עם אָף אידיש.

און נאָך אין יענעם טאָג איז מען געוואָרע געוואָרן, טאַקע אַלץ פון מענדלען, אַז מיט איר האָט זיך געטראָפן אַ גאַנצע מעשה: זי האָט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַ בחור און געוואָלט לעבן מיט אים, נאָר ווי מיט אַ פריינד, און דער בחור האָט זי געמוזט גט'ן.

איז געווען אַ לאַנגע צייט הימל און ערד און פּאַני.

— פּאַני קען פראַנצויזיש.

— פּאַני שטייט איין באַם אַנטיסעמיט קולסקי.

און דערנאָך די לעצטע באָמבע:

— פּאַני פירט אַ ליבע מיט מענדל פענדלמאַן.

חברה האָט זיך ניט אויפגעהערט רייצן מיט דעם דאָזיקן מענדל, וואָס איז געווען אַ תם און קיין חכמות ניט פאַרשטאַנען.

— צו וואָס טויג זי דיר? — פלעגט מען אים טרעבערן — און אפילו, אַז זי וועט שוין יאָ חתונה האָבן מיט דיר, וועט זי אַלץ וועלן „אַזוי ווי פריינט". פּאַר אַ נאַש בראַט טויגן ניט אַזוינע ווייבער.

און דערנאָך, אַז פּאַני האָט געגעבן מענדלען דעם דרך און זיך גענומען דרייען מיט עפּעס אַ שייגעץ און מענדל איז גאַנצע צוויי וואָכן געזעסן אין שטוב מיט פאַרוויינטע און אָנגעדראָלענע אויגן, האָט זיך חברה אַלץ גערייצט מיט אים:

— האָבן מיר דיר ניט געזאָגט?

דאָס ערשטע מאָל, ווען מענדל האָט זיך ווידער איבערגעבעטן, נאָכדעם, וואָס פּאַנים שייגעץ איז ערגעץ פּלוצים נעלם געוואָרן, האָט די חברה נאָך זיך געפּרוּווט אַ רעד טון איבער אים, דערנאָך אָבער ווען פּאַני האָט ווידער געפּאַקט עפּעס אַ שייגעץ און מענדלען געגעבן דעם דרך, האָט שוין חברה אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, געמיינט, אַז ער וועט שוין איצט „צום שכל קומען", ערשט, ס'האָט ניט געדויערט קיין צוויי וואָכן און אָפן שפּאַציר האָט זיך ווידער באַוויזן די לאַנגע פּאַני מיטן קלייניקען מענדל באַ דער זייט און אויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס'שלעפּט זיך אַ מענטש מיט אַ הינטל. חברה האָט אויפגעזאָגט און מענדל האָט באַרימעריש דערציילט, אַז פּאַני איז געקומען צו אים, געוויינט, גע'חלשט ער זאָל זיך איבערבעטן און צוגעזאָגט, אַז מער וועט זי אים שוין קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. און אַ לאַנגע צייט איז געווען שטיל. טאָג באַ טאָג האָט מען געזען פּאַנין זיך שלעפּן אָפן שפּאַציר מיט מענדלען, ווי מיט אַ הינטל און מען האָט זיך שוין גערעכנט אַז אָט אָט וועט זיין די חתונה.

און ווען פאני האָט פּלוצים ווידער אמאל „א שטויס געטון דאָס שטריקל" איז געוואָרן אַן אויפריר. און אַלע האָבן געקנייטשט מיט די פּלייצעס.

— זיינען זיי משוגע, אָדער מיר זיינען משוגע?

## II

און בעת מ'איז אין שטעטל געזעסן און זיך געגריבלט און געוואָלט דערגיין דעם סוד פון דער נייער געשעעניש, איז פאני זיך געזעסן אין איר משונה'דיקן צימערל מיט די גרינע לעמפּלאַך, זיך געביסן די פינגער און געקלערט פון אים, פון דעם לעקטאָר, וואָס דאַרף קומען אין שטעטל אריין. און כאָטש זי האָט אים קיינמאל ניט געזען און אפילו זיין נאָמען אויך ניט געהערט, האָט זי זיך דאָך געפּרואווט איינרעדן, אַז זי קען אים. „קענענ־דיק" אזוי אים, האָט זי געפּרואווט טרעפן ווי אזוי ער זעט אויס. איז ער— האָט זי געקלערט — א שטייפער ברונעט מיט א באָרד, א פּאַטלע, א צעשויבערטער און רויכערט און טרינקט א סאַך, צי איז ער עפּעס א צעקראָכענער בלאנדין, אַן אויסגעקעמטער, א גלאַטינקער?... צי ער איז אלט, צי יונג, האָט זי ניט געוואָלט טראַכטן, זי איז געווען זיכער אַז ער איז אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן.

און אויפכאַפּנדיק זיך באַנאַכט פונם שלאָף, אַ מידע פון שרעקלעכע חלומות, האָט זי געציטערט און גערעדט צו זיך אַליין:

— און אפשר איז ער א חתונה געהאַטער?

און הילנדיק זיך טיפער אין איבערבעט אריין, האָט זי אָנגעהויבן שרייען אַלץ צו זיך אַליין:

— ניין, ניין!.. ער איז ניט קיין חתונה געהאַטער.

און איבערשרעקנדיק זיך פאַרן אייגענעם געשריי און בארואיקנדיק זיך דערנאָך, האָט זי אָנגעהויבן זיס חלומען וועגן אים און זיך איינרעדן, אז ער איז אַ „שטייפער ברונעט", אַ מאַן מיט כאראַקטער, וועלכער וועט הערשן איבער איר און זיך דאָך לאָזן באהערשן פון איר... פאַר די אויגן האָבן איר געשוועבט אַלע מענער מיט וועלכע זי האָט ביז איצט געהאַט צו טון... אָט איז דער ערשטער מאַן אירער, א צעקראָכענער, אַן ווילן, פון וועלכן זי קען מאכן, וואָס זי וויל... און אָט זיינען אַנדערע מענער... א סאַך... זי איז געווען אַ פּאַנטאָפל אונטער זיי... איבערגעטראַטן און אוועק... און אָט איז מענדל אַליין, אויך עפּעס אזא... ווי א הינטל אָדער א קעצל... און העכער מיט אַ קאָפּ פון זיי אַלע איז געשטאַנען ער, דער לעקטאָר, דעם וועלכן זי קען ניט און זי קען אזוי גוט... ער איז שטאַרק, אָבער ניט געמיין... און נעבן

אים וועט זי אויך ווערן שטארק. און זייער גאנץ לעבן וועט זיין א געראנגל פון צוויי שטארקע נאטורן... דאס געשלעכטלעכע לעבן איז דאך א קאמף צווישן די קעגנגעזעצטע געשלעכטן... וואו האט זי דאס ערגעץ געליענט?... און חלומנ'דיק אזוי זיס, איז זי אפגעלעגן א וואכנדיקע און געווארט מיט אומגעדולד אפן טאג, וואס וועט אנקומען אין שטעטל אריין צוזאמען מיט אים.

## III

פארטאג איז געווען. די באן איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען און פאנין, וואס האט זיך נאך אלץ געדרייט ארום וואקזאל, האט זיך אויסגעוויזן, אז זי הערט נאך ס'פייפן פונם לאקאמאטיוו, זי זעט נאך דעם רויך און פילט נאך זיין אטעם.... ס'האט זיך איר אויסגעוויזן, אז דער זיסער קאשמאר, וואס האט זיך געצויגן דריי טעג, ציט זיך נאך און וועט ניט אויפהערן...

נאר די פארטאגעדיקע קעלט האט אלע מאל אנגעהויבן שארפער צו ווערן, דער טוי האט זיך אנגעהויבן אריינעסן אין די אויגן אריין און דער־פילנדיק א פיזישן וויטיק, האט זיך פאני אויסגעניכטערט און דערזען, אז זי דרייט זיך אף דער ליניע און ארום איז פוסט. און זי האט דערפילט א מין ניכטערן עקל, עפעס אזוינס, וואס מען דערפילט נאך א נאכט פון טענץ און שכרות, אלצדינג וואס רייצט האט זיך אויסגעוועפט און געבליבן איז עפעס א שלעכטער נאכטעם און א שטילער, אבער נמאס'ער קאפ־וויטיק...

און גייענדיק שוין א אויסגעניכטערטע אהיים, האט זי זיך אנגעהויבן דערמאנען, אז פארשכורט איז זי געווען פון זיך אליין, זי האט אליין גע־ברענט און אפילו אים קיינמאל ניט אנגעצונדן, ער איז תמיד געווען אזוי מהיכי־תיתא'דיק גלייכגילטיק. נאר זי האט אזוי געברענט, אז איר האט זיך אויסגעוויזן, אז ס'פייער קומט פון אים...

און אהיים קומענדיק, האט זי זיך אריינגעווארפן אין בעט אריין, גערויעט א לאנגע צייט אף א קול, אז ס'האט זיך אויסגעוויזן, אז אין שטוב ברומט עפעט א קאץ. און ווען דאס געוויין איז איר איבערגעגאנגען און זי האט דערפילט א שרעקלעכן קאפ־וויטיק, האט זי זיך שטייף ארום־געבונדן דעם קאפ מיט א ווייס טיכל, אזוי שטייף, אז זי האט געפילט ווי דאס טיכל שניידט איר די שלייפן און זי האט זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין.

אין יענעם טאג איז פאני צו אירע לעקציעס ניט געגאנגען.

## IV

און נאָך אַ סאַך טעג איז פאַני געלעגן אַזוי אין בעט אַ פאַרבונדענע מיט אַ שאַרפן ווייטיק אין קאָפּ און מידן נאָכטעם אין גאַנצן קערפּער. עס האָט זי כסדר געפּיבערט און יעדער ריר פון דער טיר האָט געמאַכט ציטערן איר האַרץ עפּעס ווי אַ גלעקל.

אויפהויבן פונם בעט פלעג זי זיך נאָר גאַנץ פרי, ווען דער בריוו־טרעגער האָט געדאַרפט דורכגיין. די אויגן פלעג זי זיך אויסקוקן אָף אים און ער מיטן אידיאָטיש לאַכנדיקן פּנים, פלעג תמיד מאַכן די זעלבע הכמה:

— מ׳שרייבט...

און פלעג ער איר שוין יאָ אָפּגעבן אַ בריוו, איז ער ערשט ניט געווען פון אים און זי פלעג אים אַוועקוואַרפן ניט לייענענדיק.

און אַ פאַרצווייפלטע פלעג זי דערנאָך ליגן אין בעט און שרייען צו זיך:

— איבערגעפאָרן, צעטראָטן און זיך אַפילו ניט אומגעקוקט...

און איר פאַרצווייפלונג איז אַלץ געוואַקסן און זי פלעג זיך קלאַפּן אין קאָפּ אַריין און שרייען:

— ווער איז דיר שולדיק, אַז דו ביזט אַליין אַ בהמה און זיך געלאָזט איבערפאָרן?..

— — — — — — — — — — — — — — — —

פון דער העלער הויט איז פּלוצים אַרויסגעשפּרונגען אין שטעטל אַ קלאַנג, אַז פאַני האָט חתונה געהאַט מיט מענדלען און חברה האָט גע־קנייטשט מיט די פּלייצעס:

— זיינען מיר משוגע, אָדער זיינען זיי משוגע?..

# דער שריפטשטעלער און דער קריטיקער

## I

דער ערשטער איז געווען אן איינבינדער, דער צווייטער — א וועשער: דער איינבינדער איז געווען א בלאָנדער, א בלייך־ווייכער מיט א דין פּי־גורל, וואס האָט זיך געבויגן, ווי א ים־טראָשטשע. דאָס פּנים איז בא אים געווען מאַט און דורכזיכטיק, אזוי דורכזיכטיק, אז אַלע אָדערן האָבן זיך אַרויסגעזען און האָבן צוגעגעבן זיין פּנים אן איבערגעשראָקן אויסזען. און אויגן האָט ער געהאַט זיינען זיי געווען בלוי און לויטער, ווי די אייגעלעך פון א קליין מיידעלע, וואס האָט נאָך קיינמאל קיין ליידנשאפט־צוק אונ־טער דער ברוסט ניט געפילט. און האָר האָט ער געהאַט, האָבן זיי אויסגע־זען ווי א פיינער זייד, וואס א צאַרטע האַנט האָט אויסגעשפּונען: און גלאַט זיינען זיינע האָר געווען און ווייך און האָט זיך עמיצער צו זיי צו־גערירט, פלעג זיך שוין דערנאָך כסדר גלוסטן זיי צו גלעטן, פלעג טאַקע דער פאַבריקמאַכער אָן אויפהער זיך שפּילן מיט זיי, פילנדיק דערביי א מאָדנע פאַרגעניגן. און פונקט אזוי ווי ער אליין, אזוי זיינען אויך זיינע קליידער געווען. גלאַט און גלייך און ריין. און דער וועשער איז געווען א מאָדנע היפוך פונם איינבינדער; א שוואַרץ־האַרטער מיט א פעסטער פיגור, א פאַרגרעבט פּנים, אויסגעטאַרטשעטע נאָדל־האָר און בייז־שפּיצעכיקע אויגן. זעענדיק זיי שפּאַצירן האַנט בא האַנט, פלעג זיך אויסווייזן, אז דאָס איז ניט קיין לעבעדיק פּאָרל, נאָר עפּעס א בילדל פון א נאַאיוון קינסטלער, וואָס האָט זיך געשפּילט מיט שוואַרץ־ווייסע פאַרבן און אויסגעמאָלן א ווייסן מלאך מיט א שוואַרצן טייפל. די בייזע צונג פונם שטעטל האָט זיי אַפילו געפּרואווט א נאָמען געבן: „דער שוואַרצער רוח מיט זיין בלאָנדן שאָטן". דער נאָמען האָט זיך אָבער שווער צוגעקלעפּט.

אָנגעקומען אין שטעטל אריין זיינען זיי עפּעס אזוי ווי אומגעריכט, קיינער האָט קלאָר ניט געוואוסט, ווען זיי זיינען אָנגעקומען און קיינער האָט ניט געוואוסט, ווען און ווי אזוי זיי האָבן זיך באַקענט מיטן עולם,

מ׳האָט פּלוצים אָנגעהויבן רעדן פון זיי און גיין צו זיי. און צימערן האבן זיי געהאט באזונדערע און געוואוינט האָבן זיי ווייט איינס פונם אנדערן, כמעט אין יעדע עקן שטעטל. און פּונקט אזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען, אזוי האָבן זייערע צימערן אויסגעזען: דעם איינבינדערס צימער איז געווען א זויבערס, א ליכטיקס, באטאָג האָט פון דריי זייטן אריינגעשיינט די זון אין דעם און דאס באלויכטן, ווי א לאמטערן און באנאכט איז עס געווען פול מיט א רויט־געדאמפּט ליכט און ס׳האָט אויסגעזען ווי א לעגענדע. די זויבערע ווענט זיינען געווען באהאנגען מיט בילדער פון גרויסע דיכטער און רעפּראָדוקציעס פון קינסטלערישע ווערק און דאָס בעטל איז געשטאנען פארשטאָטנט אין א ווינקל, באדעקט מיט א ליכטיק־בלויען צודעק און דער־נעבן, אַף א קליין טישל זיינען תמיד געשטאנען בלומען. און אויסגעוויזן האָט זיך, אז ס׳איז ניט קיין צימער פון א בחור, נאָר א צימער פון א פרום כלה־מיידל, אָדער גאָר א סאנקטוארל פון א מאָנאשקע. און דעם וועשערס צימער איז געווען א שמוציקס, א פינסטערס. באטאָג האָט זיך אין דעם די זון קוים אריינגעשפּארט דורך א שפּארינע און באנאכט האָט זיך אין דעם געוויכערט א לעמפּל מיט א צעבראָכן גלעזל, די ווענט זיינען געווען שווארץ און נאקעט און דאס בעטל תמיד צעווארפן און דער צודעק מיטן בעטגעוואנט קויטיק.

די ערשטע צייט האָבן זיך די מיידלעך געדרייט ארום איינבינדער וואס פלעג ארומרינגלען א כאָפּטע מיידלעך ארום זיך און לייענען פאר זיי, אָדער רעדן צו זיי און דער וועשער פלעג דאס זעלביקע טון מיט די אינגלעך, נאָר דערנאָכדעם האָבן זיך ניט געוואלט אפזונדערן און דער עיקר, ווייל דער „שווארצער רוח", פאר וועלכן די מיידלעך האָבן לכתחילה זיך געשראָקן, האָט זיי אָנ־געהויבן צוציען. דוכט זיך די אייגענע געשיכטעס געלייענט און דערציילט, וואס דער איינבינדער, נאָר עפּעס אנדערש, שטארקער און ווילדער...

וואס זיי האָבן געוואָלט, האָט מען אין שטעטל ניט געוואוסט, קיין באלעבאטישע קינדער זיינען צו זיי ניט געגאנגען, נאָר שוסטערס און שניי־דערס, און אויב ס׳האָט זיך צו זיי אמאָל יאָ איינגעבעטן א באלעבאטיש קינד, האָט עס אויך געשוויגן, נאָר געוואוסט האָט מען, אז קיין גוטס וועט דערפון ניט ארויס. און ווען ס׳האָט זיך פּלוצים געטראָפן, אז מ׳האָט צו א באלעבאטיש מיידל געדארפט ברייננגען די אקושאָרקע, האָט מען געשריגן, אז אין דעם איז שולדיק דער שווארצער רוח מיט זיין בלאָנדן שאָטן, כאָטש אלע האָבן זיך געשוואוירן, אז דאָס דאָזיקע מיידל האָט גאָר קיינמאָל ניט אריינגעשמעקט ניט צום איינבינדער און ניט צום וועשער.

אויסגעלאזט האָט זיך גאָר עפּעס אַנדערש, עפּעס אַזוינס, פון וועלכן די עלטערן האָבן אַפילו ניט געחלומט. ס'איז געווען אין די אומרואיקע צייטן, ווען פון די גרויסע שטעט האָבן זיך דערטראָגן אַהער בייזע בשורות. עפּעס האָט מען דערציילט, אַז דאָרטן וויל מען איבערקערן די וועלט. אַן אַלטע שוסטערקע, וואָס האָט געהאַט אַ זון, וועלכן מ'האָט אין שטעטל געהאַלטן פאַר אַ גרויסן טפּש און וועלכער איז אין דער גרויסער שטאָט געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער, אַ רעוואָלוציאָנער, צי אַן אַנאַרכיסט, האָט געשריבן צו דער מוטער אַ גאַנצע מעשה, אַז זיי ווילן שוין ניט זיין קיין קנעכט און שעפּאַלעך און ניקאָלאַי זאָל זיין זייער האַר און זייער פּאַסטוך. דער שוחט, אַף וועמענס אַדרעס דער בריוו איז אָנגעקומען, האָט אָנגעזאָגט דער אַלטער שוסטערקע, אַז זי זאָל שרייבן צו איר זון, אַז ער וויל ניט ר'זאָל אַף זיין אַדרעס שרייבן אַזעלכע בריוו, אָבער אין שטעטל איז מען פון דעם דאָזיקן בריוו געוואוירע געוואָרן, אַז „מ'וויל אַראָפּוואַרפן דעם קיסר"... און פּלוצים איז מען געוואוירע געוואָרן, אַז דער איינבינדער מיטן וועשער זיינען אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין צוליב דעם זעלבן עסק און זייער גאַנצע קנעלן מיט די אינגלעך און מיט די מיידלעך איז געווען „ווי אַזוי אַראָפּצוּוואַרפן דעם קיסר"... נאָר ווען מען האָט זיך דערוואוסט איז שוין געווען צו שפּעט, די חברה זיינען שוין געווען אַף דער גאַס מיט רויטע פאָנען און האָבן שוין געשריגן „דאַלאָי"...

אָפּגעקומען איז מען מיט אַביסל שרעק. די פּאָליציי האָט דעם עולם צעטריבן און חוץ דעם וועשער מיטן איינבינדער האָט מען קיינעם ניט פאַרנומען. די פּאָליציי האָט אַפילו געזוכט אַנדערע אויך, אָבער מ'האָט זיי אויסבאַהאַלטן און דערנאָך האָט מען שוין געפונען אַ מיטל, אַז מ'זאָל ניט זוכן. אין שטעטל איז קיין טיורמע ניט געווען, ס'איז געווען אַ קליינער אַרעסט, וואו מ'פלעג אַלע זונטיק פאַרשפּאַרן אַ פּאָר שכורע, צעשלאָגענע גוים און מאָנטיק אַרויסלאָזן, האָט מען דעם איינבינדער מיטן וועשער אָפּגעשיקט אין דער באַצירק־שטאָט אַריין און דאָס שטעטל האָט תיכף פאַרגעסן אין זיי, ווי אין טויטע. אפשר האָבן נאָך אַ פּאָר שניידער־מיידלעך געטראַכט צו זיי, האָבן זיי אָבער מורא געהאַט צו ברענגען זייערע נעמען אַף די ליפּן.

## II

אָפּזיצנדיק זייער חלק, האָבן זיך דער וועשער מיטן איינבינדער אומגעקערט אין שטעטל אַריין; געזאָגט האָט מען, אַז זיי זיינען געקומען צו פוס, ווייל זיי האָבן אַף קיין פורל ניט געהאַט, נאָר ס'האָט זיך אַפילו קיי־

נער ניט צוגעהערט צו דעם. אין שטעטל זיינען דאן געווען אנדערע צייטן. די פריערדיקע בעל־מלאכישע קינדער האָבן התונה געהאַט, פארגעסן וועגן דעם, וואס ס'איז אמאָל געווען און זיך אָנגעהויבן קהל'ן אין די שולעכלעך און חברה'ס, די יונגערע האָבן מורא געהאט, פּאָליציי האָט נאָכגעשמעקט. די באלעבאטישע קינדער פלעגן זיך אפילו יאָ אמאָל צענויפקומען, אָבער גערעדט האָט מען שוין איצט פון אנדערע זאכן; געווען א סטודענט מיט א סטודענטקע אין שטעטל, קיינער האָט ניט געוואוסט, צי זיי זיינען יאָ אָדער ניט מאַן און ווייב, נאָר געוואוינט האָבן זיי צוזאמען. און דאס דאָזיקע פּאָרל האָט שוין גערעדט פון אנדערע זאכן און געגעבן אנדערע ביכער צו לייענען, ביכער, וואָס רעדן פון ליבע און פרייער ליבע... די על־טערן האָבן זיך אפילו געקנייטשט אביסל, אָבער שטארק געווערט האָבן זיי זיך ניט. סוף כל סוף האָט די גאנצע מעשה געפירט צו עטלעכע חתונות און אויב די טאַטעס און מאַמעס פון די אינגלעך זיינען אביסל ניט געווען צופרידן, ווייל מ'האָט זיי אריינגעפייפט אין נדן אריין, זיינען די טאַטעס און מאַמעס פון די מיידלעך געווען שטאַרק צופרידן, בחורים זיינען שוין דעמאָלט געווען טייער. דער איינבינדער מיטן וועשער, וועלכע האָבן זיך מיט שווערער מי אריינגעבעטלט צוריק צו זייערע באַלעבאַטים, האָבן זיך צום סטודענטן־פּאָרל ניט געוואָלט מישן. דער איינבינדער האָט אפילו יאָ געוואָלט זיך אריינדרייען, דרינגנדיק, אז פון ליבע קען מען איבערגיין צו עפּעס אַנדערש, נאָר דער וועשער האָט אָנגעשטעלט אַף אים זיין בייז־שפּיצעביקע אויגן און א „היק" געטון אַף אים. און ער האָט זיך אָפּגעלאָזט דערפון.

פלעגן זיי זיך אומבלאנקען אין צווייען, עלנדע, קיינער האָט זיך אַף זיי ניט אומגעקוקט, זיי האָבן זיך אַף קיינעם ניט אומגעקוקט. דער איינ־בינדער איז נאָך אַלץ געווען א צארטער, א זויבערער און כאָטש זיין קאָסטיום איז געווען אַלט און אָפּגעבליאַקעוועט, איז ער נאָך אַלץ געווען ריין, אָן איין פלעק שפּרענקאַלע און אָן איין קנייטש. און אפילו דאס פּנים וואָס איז געוואָרן א סאַך בלייכער און איבערגעשראָקענער, האָט אויך קיין איין קנייטש ניט געהאַט. און דער וועשער איז געווען נאָך ברודיקער ווי פריער, זיינע שטעכיקע האָר האָבן זיך ווילד צעוואַקסן, אויסגעזעזן ווי א כטויג היי און זיין קליין היטעלע האָט זיך קוים געהאַלטן אַף זיי, באַ־דעקנדיק נאָר א דריטל פונם קאָפּ. דער קאָסטיום איז באַ אים געווען צעריסן און פון די הויזן האָבן ארויסגעשטעקט און ארויסגעגלאַנצט ווייס־קויטיקע שטיקער. געוואוינט האָבן זיי אַלץ אין באַזונדערע צימערן, דער איינבינדער האָט בשום אופן ניט געוואָלט וואוינען אין איין צימער מיט זיין נאַכלייסיקן חבר.

שפּאַצירן פלעגן זיי אַרויס פון דער שטאָט, באַם ברעג פון טייכל, ווייט פון מענטשן. אַלע פּאַרנאַכט, אוועקלייגנדיק די אַרבעט, פלעגן זיי זיך דאָרט טרעפן. און האָבן זיי געמערקט, אַז ס׳שפּאַצירט עמיצער נעבן זיי, פלעגן זיי אוועקגיין ווייטער, ביז וואַנען זיי האָבן זיך געפילט אַליין. און גערעדט האָבן זיי כמעט תמיד דאָס איינענע: דער וועשער פלעג שרייען, אַז מ׳דאַרף אונטערצינדן דאָס גאַנצע שטעטל, זאָל עס אוועקגיין אַפן פייער... „תמות נפשי עם פלשתים“... און דער איינבינדער פלעג אַלץ טענה׳ן, אַז אַפילו אַזוי טרויעריק ווי ס׳איז, איז דאָס לעבן שיין... אונטער דער ערד שפּראָצן בלומען... אונטער דער ערד קאָכט עפּעס און עפּעס וועט פּאַרטיק ווערן...

און איינמאָל, שפּאַצירנדיק אַזוי, האָט דער איינבינדער פאַרשעמט און מיט אָפענע אויגן אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר פון דער קעשענע און אי־בערגעלייענט זיין חבר „אַ זאַך“, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. ס׳איז געווען אַ מין פּאָעמע, וואָס האָט באַזונגען דאָס, וואָס קאָכט זיך און רעגט זיך אונטער דער ערד און וואָס וועט אַמאָל אַרויסשפּראָצן... און ס׳איז ניט גע־ווען קלאָר, צי מיינט ער טאַקע די נאַטור אַליין, צי מיינט ער די חברים, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן איצט אונטער דער ערד... און דער וועשער האָט אויסגעהערט, געמאַכט אַ קרום־זויערע צורה און געשוויגן.

און אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער איינבינדער ווידער איבערגע־לייענט „אַ זאַך“ פאַר זיין חבר. דאָס איז אויך געווען אַ מין פּאָעם אין פּראָזע, וואָס האָט באַזונגען אַ מיידלישע האַנט און געהאַט אַ צושפּיל: „דיינע הענט, צו וואָס זאָל איך זיי גלייכן“? און ס׳איז אויסגעקומען אין דעם דאָזיקן פּאָעם, אַז די האַנט איז עפּעס אַ גאַנצע וועלט, אין וועלכע ער ווערט פאַרבלאָנדזשעט, יעדער קנייטש איז אַ גאַנצער צווייג פון אינדזלען, אַן אַרכיפּעלאָג אַ גאַנצער... און דער וועשער האָט אַלץ געהערט און זיך געקרומט. נאָר געוואוסט האָט ער, אַז די האַנט, וואָס זיין חבר באַזינגט, איז די האַנט פון דער אַקושאָרקע, אַן עלטער מיידל, וואָס קומט צום איינבינדער אַריין, ברענגט אים אַ סאַך בלומען און אַ סאַך צרות...

און דערנאָך האָט שוין דער איינבינדער כמעט אַלע טאָג געלייענט אַ זאַך, געהאַלטן אין איין שרייבן. און האָט דער איינבינדער אָנגעהויבן שרייבן, האָט אויך דער וועשער אָנגעהויבן שרייבן — קריטיק האָט ער גע־שריבן, טאַקע אַפן איינבינדערס זאַכן, און וואָס צאַרטער דער איינבינדער איז געווען אין זיין שרייבן, אַלץ בייזער איז דער וועשער געוואָרן אין זיין קריטיקירן.

ווער ס׳האָט די דאָזיקע מעשה אויסגעקלונגען אין שטעטל, איז געווען

א סוד, אפשר טאקע די אקושארקע אליין, נאָר אין שטעטל האָט מען זיי אָנגעהויבן רופן: „דער שריפטשטעלער און דער קריטיקער" און דאס מאָל האָט זיך דער נאָמען צוגעקלעפּט.

## III

ווען מ׳האָט דערציילט, אז דער שריפטשטעלער איז קראַנק און שפּייט מיט בלוט, האָט מען זיך ניט געחידושט, גלייך ס׳האָט געדארפט אזוי זיין, נאָר געזאָגט האָט מען: גוטערהייט האָט ער אויסגעשפּיגן די לונג און יענעם עסן די ווערעם פאר שלעכטיקייט „און איז געזונט אייזן".

און קראנקערהייט פלעג דער שריפטשטעלער ווערן געיאַדעט פון זיין חבר דעם קריטיקער. הוסטנדיק טרוקן און נאַס, פלעג ער לייענען דעם קריטיקער זיינע זאכן און יענער פלעג מיט א ווילד־גרינעם ברען אין די אויגן לאַכן און חוזק מאַכן און צעגריזען מיט די ציין יעדער זאך פון זיין קראַנקן חבר מיט א מין סאַדיסטישן תענוג. און ווען דער שריפטשטעלער האָט איינמאָל טרויעריק א זאָג געטון: „פּארוואס ווילסטו מיר ניט שוינען, איך האָב דאָך שוין באלד קיין לונג ניט?", האָט דער קריטיקער געענט־פערט: „שרייבט מען ניט"... פון דעמאלט אָן האָט שוין דער שריפטשטע־לער מער גאָרניט געלייענט פארן קריטיקער, ביזן טויט אריין גראַניט געלייענט...

און ווען דער שריפטשטעלער איז געשטאָרבן האָבן אים אפּן בית עולם באַגלייט א חוץ א פּאָר שמשים, וואס האָבן געטראָגן זיין מטה — דער קריטיקער, וואס האָט אים זיין לעבן פארביטערט און דאך געגעבן אָן אינהאַלט און דאס עלטערע מיידל, די אקושארקע, וואס האָט אים א סאך בלומען געגעבן און א סאך צרות, זי האָט אויך איצטער געבראַכט א קרענצל בלומען — „לאַנדישן", וואס האָבן אויסגעזען ווי עלנטע טרערא־לעך און טרוקענע אימאָרטעלן. האָט זיך דער קריטיקער געטראַכט: „מ׳דארף זיין שטאַרק הארט, אז מ׳זאָל קענען זיין אומשטערבלעך"...

צוריקקומענדיק פונם בית עולם, האָט זיך דער קריטיקער גענומען רויען אין זיין חבר׳ס שריפטן און די אקושארקע איז געשטאַנען באם פּאר־שטאָרבענעמס בילד און געוויינט.. אויסגעפינענדיק א העפט, וואס האָט געהאַט אָן אויפשריפט „בלומען בליען, בלומען וועלקן", האָט ער דאס איבערגעלייענט אף א קול. ס׳איז געווען א מעשה פון א יונגן דיכטער, וואָס האָט געשיקט זאַכן אין אלע רעדאַקציעס אריין און קיינער האָט אים ניט געענטפערט. איינמאָל איז א רעדאַקטאָר געקומען איבער א העפטל מיט אָן אויפשריפט „בלומען בליען, בלומען וועלקן" און אויסגעפונען

אין מחבר א גרויסן טאַלאַנט, נאָר ווען מ'האָט גענומען זוכן דעם מחבר, דעם יונגן דיכטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן אז ר'איז שוין טויט...

ווען דער קריטיקער האָט געענדיקט דאס לייענען, האָט ער א מאַך געטון מיט דער האַנט און א פאָנפע געטון: „א נאַאיווע מעשה"! און ניט געזעגנענדיק זיך מיט דער אקושארקע, איז ער אַרויס פון צימער און זיך געלאָזט צו פוס אוועקגיין פונם שטעטל...

יעקב באטאשאנסקי

# מי הוא זה מלך הכבוד

## (דערציילט פון אַ זשורנאַליסט)

---

מאַטאָ:
זאָל לעבן דער טויט!
אַ טויט דעם לעבן!
(דאַנטע).

## I

ס'איז געווען אין איינעם פון די יום כיפּורס, ווען איך האָב שוין ניט געדיינקט, אז ס'איז יום כיפּור. אין קיין ציוניסטישער צייטונג האב איך שוין ניט געארבעט און איך האב ניט געדארפט ערב יום כיפּור אנ־שרייבן א מין ארטיקל, וואָס איז מער דרשה, ווי ארטיקל און אין וועלכן ס'האט גענדארפט געזאגט ווערן, אז מ'דאַרף זיך מאכן אַ נאַציאָנאַלן חשבון הנפש און אַז דאָס אידישע פאָלק איז געגליכן צום שופר און ס'האט ווי דער שופר, א גרויסן האָרן און א קרומען קאָפּ... איך האָב צו ימים נוראים ניט געהאַט קיין רעליגיעז אויפריכטיקע באציאונג, האָב אויך ניט געהאַט קיין פרנסה־מוז צו שרייבן און איך בין געווען פטור פון צו שרייבן אַ היסטעריש־רעליגיעז אָדער צביעות'דיק־נאַציאָנאַליסטיש ארטיקל.

ס'איז געווען א צייט, ווען כ'האב פארלוירן דעם לעצטן געדאנק פון מוח און זיך געדרייט מיט א פוסטן קאָפּ, צעברויזט הארץ און נאכגע־לאזענעם גוף. ס'איז געווען פונקט אין דער מיט פון דער מלחמה: בלוט פון הינטן איז געווען אָן א שיעור, פון פאָרנט קיין האפנונגען זיינען ניט געווען, נאָר אויך בלוט. דער גלויבן. אַז דאס דאזיקע בלוט, וואָס פלייצט פון הינטן און וועט פלייצן פון פארנט, איז לשם אן אידעאל און וועט אויס־לייזן די וועלט, דעם דאזיקן גלויבן, האָב איך שוין אויך פארלוירן. וואס צו עסן איז אויך ניט געווען גענוג, אפילו, ווען ס'איז געווען א סאך געלט

און קיין האפנונג צו דערלעבן דעם „יובילײ“ פון מיין דרייסיק יאריקן געבורטסטאג, האָב איך אויך ניט געהאט, טאָ וואס זשע איז געבליבן, אז ניט העפקערן? די אלטע עפיקורעער האָבן געזאגט: „עס און טרינק און זינדיק, ווייל אָט שטאַרבסטו“ בדרך משל און אין יענעם מאָמענט זיינען מיליאנען מענטשן געווען עפיקורעער אף דעם אמתן, קיינער האט ניט געגלויבט, אז ער וועט דערלעבן מארגן. די ערשטע אנשטענדיקע פרוי, האָט זיך איבערגעגעבן דעם ערשטן סאלדאט פאר עטלעכע שטיקלאך צוקער פארן קינד און טאקע פאר זיך אויך. כ'בין געווען אין א גרויסער שטאָט, וואס איז געווען אָקופירט פון שונא און וואס איז פון פריער געווען באלאַגערט א שטיק צייט און די זונה'ס זיינען ארומגעגאנגען הונגעריקע. און דערנאָך, ווען דער שונא איז שוין אריינגעקומען, האָט ער געכאפט די אָנשטענדיקע ווייבער מיט שטיקלעך צוקער, פונקט, ווי מ'כאפט פייגע־לעך מיט זאלץ און די זונהס פלעגן זיך ארומדרייען אין די נעכט עלנדע, ציילן די קנייטשן פון די פנימער זייערע בא די גאסן שפיגלען און זאגן: „די פריצהס קאָנקורירן אונדז“...

קיין סאלדאט בין איך ניט געווען, פונדעסטוועגן האָב איך געפילט דאס זעלביקע, וואס ס'האבן געפילט די חברים מיינע, די סאלדאטן, וואס האָבן צו יעדער מינוט געקאנט ארויסגערופן ווערן אין פעלד אריין און דארט — ווי דאס אומעטיקע דייטשע לידל מיטן געלעכערטן גראם זאגט:

„הייטע נאָך אף שטאָלצן ראָסע (פערד)
באלד די ברוסט דורכגעשאָסן“...

און אפשר האָבן מיך מיט דער דאזיקער „באלד שטארב איך שטי־מונג“ אָנגעשטעקט טאקע די דריי דערמאָנטע חברים סאלדאָטן מיינע: איינער אן עסטרייכישער אפיציר, דער צווייטער אן אונגארישער אפיציר און דער דריטער — א טערקישער אפיציר און אלע דריי — אידן. אז איך קלער זיך אריין אין יענעם לעבן, הויב איך אזש אָן ביינקען נאָך דעם, אזוי גוט איז דאס געווען. אז איר זאלט דאס פאַרשטיין, דארפט איר זיך פאָרשטעלן מענטשן, וואס מ'האָט פארמישפּעט צום טויט און זיי ווייסן, אז קיין אויסוועג איז ניטאָ, נאָר מ'האָט זיי אף אן אומבאשטימטער צייט דערלויבט צו לעבן און לאכן און פירן אן אומבאוואוסטזיניק און אומ־פאראנטוואָרטלעך לעבן. איך מיין, אז נאָך אמאל אזוי גוט לעבן וועלן מענטשן נאָר, ווען זיי וועלן שוין זיין אין גאנצן באוואוסטזיניק און ווען זיי וועלן שוין האָבן באזיגט דעם גרעסטן שונא זייערן: דעם טויט. דער עסטרייכישער חבר אונדזערער, וואס איז געווען א לעמבערגער אידישער בחור ניט לאנג פון דער גימנאזיע ארויס און האָט געדיינקט טויזנטער „פסוקים“ פלעג כסדר אויסשרייען דאנטעס פסוק: „זאל לעבן אונזער

טויט און א טויט צו אונדזער לעבן"... אונדזער לעבן איז טאקע געווען: א לעבעדיקער טויט און א טויט לעבן...

איך פלעג נאך אמאל שלאפן, די סאלדאטן פלעגן כמעט קיינמאל ניט שלאפן, זיי פלעגן קוים א דרימל טון אזוי ווי די פערד לויטן תהילים, אדער אזוי ווי דוד המלך עליו השלום. פלעגן זיי טאקע קענען קומען די חברה סאלדאטן שפעט נאך האלבע נאכט, אויפוועקן פון שלאף און שלעפן טרינקן א גלאז ביר, אדער טאקע שאמפאניער. פריקרע איז דאס אויפוועקן ניט געווען, ווייל פריער מיט א שטיקל צייט, איידער דער „שונא" האט באזעצט די שטאט, פלעג ער זי אלע נאכט באשיסן, אנ־פליענדיק אף איר מיט אעראפלאנען און דעמאלט, פלעגן די וועכטער, באמערקנדיק פון א הויכן טורעם די אעראפלאנען, אנמאכן א ליארם און מיר פלעגן זיך דארפן באהאלטן אין די קעלערס. און די עראפלאנען פלעגן קומען נאך האלבע נאכט אויך און מיר פלעגן מוזן אויפשטיין. איז אויב אויפשטיין נאך האלבער נאכט, איז גלייכער צו גיין טרינקען, איידער צו גיין באהאלטן זיך פאר די אעראפלאנען, אפילו די אלטע גאזדע (באלע־באסטע) מיינע, וואס מ'האט אויך געשטערט פון שלאף, ווען מ'האט מיך געוועקט צו גיין טרינקן, האט אויך געזאגט: „איידער אין קעלער פאר אעראפלאנען, איז שוין בעסער אין גאמברינוס אדער אין אלהאמבראַ"...

חוץ די דריי דערמאנטע סאלדאטן און איך, האט אין אונזער קאמ־פאניע פארבלאנדזשעט אויך א איד א נגיד אן אלמן, וואס האט געהייסן גאווריעל, ער האט געהאט א סך געלט, אריבער פערציק יאר, א גרויסע שווערע קאמפלעקסיע און א יונגע נשמה. מיט דער נשמה האט ער אונז יונגע א סך מאל דערגרייכט, מיטן גוף — ניט. איך פלעג אים תמיד דער־ציילן די מעשה פון הערשל אסטראפאליער וואס איז געגאנגען אין איין וועג מיטן רוח, רב און אינדיק, און הערשל און דער רוח, צוויי לייכטע פארשוינען האבן יא געקאנט שווימען און דער רב מיטן אינדיק, צוויי זייער שווערע פארשוינען האבן ניט געקאנט שווי־מען. און ווען זיי זיינען צוגעקומען צו א טייך, האט הערשעלע גע־כאפט דעם אינדיק און דער רוח דעם רב. איך האב אים ניט געגעבן אנ־צוהערן אט א דעם דאזיקן גאווריעלן, אז ער איז שווער אי ווי דער רב, אי ווי דער אינדיק, נאר איך האב אים פשוט געזאגט אז איך האף, אז ער וועט זיך אפטשעפען, האט ער דאס אבער בשום אופן ניט געוואלט און דווקא געבעטן, אז מיר זאלן אים אויפוועקן דריי אזייגער באנאכט טרינ־קען ביר און מיר האבן אים געוועקט און ער האט געשלעפט זיין שווערע קאמפלעקסיע און פארשמאלצן אונדזער טראגיקאמעדיע מיט אביסל פא־יאצעריי. ווארום אינווייניק טיף, האבן מיר אלע געוואוסט, אז מיר לעבן

איבער, הוליענדיק, א טראגעדיע: יונגעלייט האָבן פארלוירן דעם לעצטן גלויבן, די האפנונג צו לעבן, דעם שאָטן און האבן איין מעגלעכקייט: נאָך א שטיק צייט שכורן, זינגן א. א. וו. ווי זאגט ער, דער דייטש:

ווייַן, ווייב, געזאנג
און א נאר אַף לעבנסלאנג

און דאס לעבנסלאנג קאָן נאָך געדויערן גאנצע צוויי טעג...

אין אזעלכע מאמענטן קאָן מען א מאל ווערן רעליגיעז, מיר זיינען דאס ניט געוואָרן, א פנים געווען צו פיל באוואוסטזיניק; מיר האבן ניט נאָר ניט אנגעהויבן גלויבן אין גאָט, נאר אויך פארלוירן יעדע האפנונג אין מענטשן.

אָט אין יענער צייט זיינען מיר אין־אַן אַפּדערנאַכט ארויסגעקומען אַף דער הויפטגאַס, אַף דער גאַס, וואו עס גלאנצן שויפענסטער מיט כל המינים „בעזהאָלאָוויעס“, וואָס רייצן די רייכע און שמייסן די ארעמע און וואו באנאכט טרעפן זיך זין פון רייכע טאטעס מיט טעכטער פון ארעמע מאמעס און פראווען פריילעכע בעזהאלאוויעס, וואָס האבן אין זיך דאָס זויערקייט פון צופיל שכרות. און די גאַס האָט עפּעס אויסגעזען טויטלעך. די שויפענסטער האָבן אַלץ גערייצט און געשמיסן, אָבער די טירן זיינען געווען פארמאַכט און אַף טראטוארן איז געווען שיטער. מיר זיינען געוואויר געווארן, אז ס'איז יום כיפור און באלעבאטים פון די קלייטן מיט זייער יונגווארג, זיינען אוועק אין די טעמפלען אריין. איך אליין, האָב שוין אמאָל אין א קופלעט געזאגט, אז אונדזער רייכע אי־דישקייט זעט אויס אזוי:

„קולטור“ פון אַפּערעט
און א שאנסאָנעטקע גלעט,
א שפאציר עס קנאקט א רויך
און א ביסל טעמפּל אויך...

אָבער אזוי אוועק אין טעמפל אריין זיינען זיי אלע, אז ס'איז גע־בליבן אינגאנצן פוסט און דער פוסטער קאָפּ האָט אזוי שווער באנומען דעם שייכות פון פאראזיטיזם, שכרות, זנות מיט טעמפל. מ'דארף זיין בא שכל דאס צו באנעמען, ניט בא — זויפן...

האָבן מיר באשלאָסן צו פראווען יום כיפור אין דער מיט פון דער שיטערער גאַס, וואו יונגעלייט האָבן זיך גערדרייט ווייניק און זונהס נאָך ווייניקער.

II

דער איינפאל איז געוועז דווקא דעם אלטן גאווריעלס; ער האָט גע־זאגט, אז ער איז א מאל געוועז א סטודענט אין פאריז, האט ער זיך גע־דרייט אין א כל נדרי נאכט מיט אידישע סטודענטן איבער די גרויסע בולווארן און זיי האָט זיך פארגלוסט אָנצוקניפּן זיך אין יום כיפור. אז דאס קוויטל ווערט געכאסמעט אום יום כיפור, האָבן זיי קיינער ניט גע־גלויבט, זיך גלאט ארײנרוקן אין א שול אריין און מאכן א היימיש פנים צום פרעמדן שפיל, האָבן זיי אויך ניט געוואלט, איז איינעם פון זיי איינ־געפאלן אָפּשטעלן יעדן ערשטן באגעגנטן און פרעגן: „מי הוא זה מלך הכבוד?“ („ווער איז דער מלך פון כבוד?“ — עס איז א פסוק פון „לדוד מזמור“, וועלכן מ׳זאגט אין שול — יום כפור באנאכט נאָכן דאווננען און ס׳איז א הימן צו גאט, וואָס איז דער מלך פון דער וועלט) און די באנדע סטודענטן האָט דערציילט גאווריעל — האָט דעם פארשלאג אָנגענומען און זיך א לאָז געטאָן איבער די בולווארן און כמעט יעדן אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— מאדמאזעל, מעסיע, מאדאם, מי הו זע מעלעך האקאָוועד?

אייניקע האָבן געענטפערט נייגעריקע: — קעס קיא. (וואָס איז דאס?)

אנדערע האָבן געענטפערט:

—זשע נע קאָמפּראן פּאַ ריס, אנגלע, אַלעמאן... (איך פארשטיי ניט קיין רוסיש, ענגליש, דייטש).

אייניקע האָבן דאס אנגענומען פאר רוסיש, אנדערע פאר דייטש, ענגליש א. א. וו. קיינער האט ניט דערקענט, אַז ס׳איז העברעאיש און אז ס׳האָט שייכות מיט דעם היינטיקן אָוונט, אין וועלכן עס געפאלט א יום טוב, פאר וועלכן א פיש אין וואסער ציטערט.

ביז טאג האָט זיך געדרייט די באנדע סטודענטן אין פאריז אין יע־נער כל נדרי נאכט אלץ פרעגנדיק „מי הוא זה מלך הכבוד?“ און קיינער האָט ניט געענטפערט. די באנדע האָט אויסגעזעון ווי הונגעריקע הינט, וואס בילן אַ גאַנצע נאַכט קעגן דער לבנה, אָדער ווי הונגעריקע וועלף, וואָס לע־קן א גאנצע נאכט אין שניי און די צערייצטע צונגען קלעפּן זיך צו די פאר־דארטע גומענס. די סטודענטן זיינען דערביי געוועזן זיכער, אַז זיי האָבן אַ סאַך מאָל דווקא אָנגעטראָפן אַף אחינו בני ישראל, וואס האָבן בכיוון זיך געמאכט ניט פארשטייענדיק.

גאווריעלס געשיכטע האָט אונדזערע פּוסטע מוחות אנגעפולט מיט

עפּעס אינהאַלט און איבערהױפּט מיט רעגונג און מיר האָבן באַשלאָסן „פּראָוועןֹ כל נדרי“ און זיך אַ לאָז געטאָן ווי יאַגד־הינט.

אונדזער אַפּשטעלן פאַרשװינען און זײ פרעגן „מי הוא זה מלך הכבוד?“ האָט לכתחילה ניט געמאַכט קײן איבעריקן רושם, כאָטש מיר זײנען געװען אַ זײער פאַרביקע כאַליאַסטרע: דרײ אָפיצירן פון דרײ מלוכות, צװײ ציװילע, צװישן װעלכע אײנער אַ גראָבער. אָפּגעשטעלט האָבן מיר זיך אַלע מיטאַמאָל, אַזױ, אַז מיר האָבן דעם געפרעגטן כמעט פאַרשפּאַרט, פאַר־שפּאַרנדיק אױך פאַר אַנדערע די גאַס און דערצו האָבן מיר אַלע געפרעגט אױף אַמאָל. געהאַט האָבן מיר גאַנץ פאַרשידענע קולות און דער „מי הוא זה מלך הכבוד?“ איז בײ אונדז אַרױס אַ „קינטעט“ מיט מעטאַל און קאַ־לאַריט. אָבער ס'האָט ניט געדױערט לאַנג און אונדזער אָפּשטעלן מענטשן און זײ שטעלן אַ ניט פאַרשטענדלעכע פראַגע, האָט אָנגעהױבן װערן פרײ־קרע און אײניקע האָט דאָס אָנגעהױבן שרעקן. אַ טײל בחורים זײנען געװען זיכער, אַז דאָס איז אַ געמישטע קאָמיסיע, װאָס פרעגט אױף פּעסער, זוכט דעזערטירן, אָדער װײל די פּײנטלעכע לײדיקגײער פאַרנעמען אױף שװאַרצע אַרבעט. די מײדלאַך און פרױען האָבן געמײנט... װײסט זײ דער גוטער יאָר, װאָס זײ האָבן דאָרט געמײנט! זײ האָבן זיך געשראָקן און גענומען לױפן, אַזױ לױפן, אַז אײן מײדל האָט דעם שװאַרצגופּיקן גאַװריעל איבער־געקערט און מיר האָבן געהאַט אַ שײנע אַרבעט, ביז מיר האָבן אים אױפ־געהױבן.

דער עפעקט פון אונדזערע אַטענטאַטן האָט זיך גיך אָנגעהױבן פילן, די אַזױ אױך פּוסטע גאַס, האָט זיך אָנגעהױבן אײנגאַנצן אױסלײדיקן. פּאָ־ליצײ האָט מורא געהאַט צו פרעגן, זי איז געװען צוזאַמענגעזעצט פון אָרטיקע דעזערטירן, װעלכע די אָקופּאַציע באַהערדן האָבן געהאַלטן פאַר ציװיל געפאַנגענע און די דאָזיקע פּאָליצײ האָט מורא געהאַט ניט נאָר פאַר די זיגערישע אָפיצירן, נאָר פאַר פּשוטע סאָלדאַטן אױך און אַפילו פאַר גנבים. ס'איז געװען אַ פּאַראָדיע אױף פּאָליצײ און אפשר איז דאָס געװען דער שאַרפסטער אױסדרוק פון פּאָליצײ: אַנשטאָט צו היטן, האָט די פּאָ־ליצײ געציטערט און געבעטן גאָט ער זאָל זי היטן... דער דאָזיקער פּאָ־ליצײ איז אַפילו אָפּן זינען ניט געקומען צו פרעגן בײ אַ קאָמפּאַניע, אין װעלכער ס'זײנען דאָ דרײ אָפיצירן, פאַרװאָס זי בױאַנעװעט. אַ פּאָר מאָל זײנען מיר געגאַנגען צו פּאָליציסטן גופא און בײ זײ געפרעגט: „מי הוא זה מלך הכבוד?“ און ס'איז געװען אַ שרעק צו קוקן אױף זײ: זײ זײנען געשטאַ־נען װי ניט דערמעלקטע קי און האָבן קױם אַרױסגעהיקעט, אַז מ'זאָל זײ מוחל זײן, װאָס זײ קענען נאָך ניט קײן דײטש, אונגאַריש און טערקיש,

אַז די פּריצים וועלן מירטשעם דאָ זיין לענגער, וועלן זיי אויסלערנען די אַלע שפּראַכן...

שפּעטער אין דער נאַכט אַריין, האָבן די גאַסן אָנגעהויבן ווערן גע־דיכטער: איבערהויפּט, האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די נאַכט פּרויען, צווישן וועלכע אידישע טעכטער האָבן ניט געפעלט, האָבן זיי דעם אונטן תשובה געטאָן אין די שולן און נאַכדעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם רבונו של עולם זיינס, האָבן זיי זיך געלאָזט אין גאַס אַריין, אָפּגעבן דעם טייוול זיינס. ווען די גאַס האָט אונדז אָנגעהויבן ווערן אַ ביסל געדיכטער, האָבן אונדזערע „אַטענטאַטן“ אָנגעהויבן פאַרלירן זייער טראַגישן אויסזען און זיי האָבן דער מענטשן באַוועגונג צוגעגעבן אַ קאָמישע באַצירונג. אַ ביסל איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל מיר זיינען מיד געוואָרן און מידערהייט, האָבן מיר ווייניקער זיך באַהערש און דאָס ערנסטקייט פאַרלוירן אַף אַזאַ אופן, אַז מ'האָט דערקענט, אַז מיר מאַכן אַ שפּאַס. אַ פּאָר מאָל האָבן מיר זיך אין געדרענגעניש צעלאַכט און די אַרומיקע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מין אויסגעטראַכטע מעשה, אייניקע האָבן אַפילו געפרעגט, ווי אַזוי מיר זאָגן, געפּרוואווט נאַכזאָגן און דער „מי הוא זה מלך הכבוד?“ אין וועל־כן אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן אַריינגעלייגט אַזוי פיל פּאַטאָס, האָט זיי אויסגעוויזן, ווי אַ קאָמיש ווערטל אָן זין... זיי וואָלטן געוויס גע־זאָגט די טאַטעס און זיידעס אונדזערע, אַז דאָס איז אַ חילול השם און באַ אונדז איז דאָס גיכער געווען אַ... פּונק אידישקייט, איידער אַ חילול השם. מיר האָבן אין אַ כל נדרי באַנאַכט זיך געלאָזט זוכן אידן אַף אַ הפקר גאַס און כאַפּן האָבן מיר זיי געוואָלט מיט אַ פּסוק פון לדוד מזמור. דער טער־קישער אַפּיציר אונדזערער, וואָס איז שוין געהאַט אויסגעוועזן אַ וועלט, האָט זיך געשוואוירן, אַז ער איז אַמאָל געווען אין אַ שאַנטאַן, ווען אַ פּאָר אידן האָבן זיך צעאידישט: פריער האָבן זיי געהייסן שפּילן „אָפּן פּריפּע־טשעק“, דערנאָך טאַקע כל נדרי און צום סוף, האָבן זיי זיך צעיאַכמערט און צעוויינט און די זונהס האָבן מיטגעהאָלפן און דער שאַנטאַן האָט זיך אַ רגע אָנגעפילט מיט טעמפּל־שטימונג. פון דער דאָזיקער מעשה האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז אַזוי לאַנג מ'גלויבט ניט און מ'האָט אַנשטאָט גלויבן בעזהאָלאָוויע־הוליערײ, איז מען ניט פאַרזיכערט פאַר אומקערן זיך צום גלויבן, פון שאַנטאַן צו רעליגיע איז אַ שפּאַן, פאַרזיכערט פאַר אומ־קערן זיך צו דער שול איז מען נאַר, ווען מ'האָט אַן אידעאַל... אַנדזער „מי הוא זה מלך הכבוד?“ אוואַנטורע איז געווען ניט קיין חילול הקדוש, נאָר אַ געוויסע רעליגיעזע ראָמאַנטיק.

אודאי איז די דאָזיקע ראָמאַנטיק אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַמביציע און אונדז האָט אָנגעהויבן פאַרדריסן, למאי מיר טרעפן ניט קיין

איין און איינציקן, וואס זאָל ענטפערן און דער עסטרייכישער אפיציר, פּאָרט אַ פּוילישער, ס'הייסט: אַ גאליציאנער, האָט זיך שוין אפילו אָנגעהויבן יאכמערן:

„אידן זיינען היינט ניטאָ אין גאס, מיר זיינען די איינציקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון כּלל." בכדי אים צו רייצן אביסל, האָב איך גע־ענטפערט, אז איך בין דאָ מער איד, וויפיל איך וואלט געווען אין שול, אין שול וואלט איך אָדער געגעניצט, אָדער געמאכט אַ צביעותדיקן אָנ־שטעל און דאָ, בין איך אי אויפריכטיק אי פּאראינטערעסירט. דער בכיוונ־דיקער פּאראדאָקס האָט מיין גאליציאנער, וואָס האָט דוכט זיך, געהאָט מילך אין די אדערן, ניט בלוט, דאָך גענוג אויפגעהעצט און ס'האָט זיך מיר געדוכט, אז די מילך האָט אים אויפגעזאָטן אין די אדערן און גענומען לוי־פן... אונדזער געיעג נאָך אַן ענטפער אַף אונזער מי הוא זה מלך הכבוד איז דורך דעם געווארן אינטערעסאנטער.

דער האָן האָט שוין דאָס צווייטע מאָל געקרייעט און מיר זיינען שוין געווען אי פארשוויצט, אי דורכגעדרונגען מיט דער פּארטאָגיקער קעלט, אי הייזעריק און קיין ענטפער האָבן מיר אַלץ נישט געקריגן. אונדז איז קלאָר געווארן, אז אידן האָבן מיר אָפּגעשטעלט אַ סאך און דווקא אזעלכע, וואס זיינען געווען אין טעמפּל, נאָר ס'איז אַ שטאָדט פון גראָבע יונגען און זיי פארשטייען ניט קיין פּסוק, די פרויען האָבן אודאי ניט געהאַט פון וואנען צו קענען אַ פּסוק און דערצו איז קיינעם ניט איינגעפאלן, אז אפיצירן זאלן פרעגן אַ זאך פון דאוונען. מיר האָבן געהאַלטן אונזער געיעג פאר פאר־שפּילט און אבל וחפוי ראש האָבן מיר זיך שוין גענומען לאָזן אהיים, פּונקט ווי עקספּלאָראטאָרס, וואס האָבן זיך געלאזט זוכן דעם נאָרד־פּאָל, האבן אים ניט געפונען און קערן זיך אהיים מיט ליידיקע פּאלעס. שפּאַנענדיק שוין אהיים, האָבן מיר באמערקט אַ נאַכטמיידל נעבן אַ גאַסנשפּיגל און מיר האָבן אַף לעצטן פּרוּווו זי אַ פרעג געטאָן:

—מי הוא זה מלך הכבוד?

און דאס מיידל האָט געענטפערט אין אַ פארגרייזטן העברעאיש:

— אינני יודע (זי האָט געדארפט זאגן יודעת) דבר עברית (איך קאָן ניט ריידן העברעאיש).

עפּעס האָב איך פון איר ענטפער דערפילט, אז זי איז אַ העברעאישן לערערס אַ טאָכטער. פארוואָס? ראשית ווייל זי האָט גערעדט אזוי שלעכט העברעאיש, ווי אַלע העברעאישע לערערס, והשנית, ווייל זי האָט געענט־פערט אַף העברעאיש, והשלישית האָט מיר ניט לאנג מיינער אַ באקאנטער העברעאישער לערער דערציילט, אז זיין טאָכטער איז אים געוואָרן אַן אויסגעלאסענע. אין זיין דערציילן, האָב איך דעמאלט געפילט, אז ער,

דער העברעאיש לעדערדיקער טאטע איז אין דעם מער שולדיק, ווי זי. און איצט בין איך געווען איבערצייגט, אז דאס איז טאקע זיינע, קריינ־דלערס (אזוי האָט ער געהייסן) טאָכטער און איך האָב זיך געוואלט שטעלן פאר איר אף די קני און בעטן איר, אלס סימוואָל פון אלע זונהס, אנטשולדיקונג פאר אלע טאטעס, וואס טרייבן, אוים צופיל דראנג נאָך „פרומקייט" זייערע טעכטער צו פראָסטיטוציע. דער אלטער, שווערגו־פיקער גאווריעל האָט אפנים באמערקט, אז זי איז ניט גאָר קיין מיאוס מיידל און דערצו זייער יונג און ער האָט בא איר עפעס אנדערש געבעטן... זי האָט געענטפערט ברוגז:

— היינט איז יום כפור און היינט גיי איך ניט מיט קיין אידן...

דאס דאזיקע מין אידישקייט האָט אונדז אפילו אלע מאָדנע איבער־ראשט, אָבער מיר האָבן געפאסקנט, אז זי, וואס האָט געזאגט, אז זי הייסט ראשעל און מיר האָבן זי שוין גערופן רחלע, איז גערעכט און מיר האָבן באשלאסן, אז מיר גייען ארויף טאקע צו רחלען אין צימער ווי גוטע ברידער פראווען יום כיפור. פון אונדזער אידיש ריידן, איז זי אביסל פארטומלט און אויך היימיש געווארן, כאָטש די אפיצירישע מונדירן האָבן זי אביסל געצווינגן און היפשלעך געשראקן, פאָרט „פיינטלעכע" אָפי־צירן, וואָס האָבן אָפט, איבערהויפט די דייטשע, געוויזן, אז זיי קענען זיין ברוטאל סיי מיט אנשטענדיקע, סיי מיט גאסנפרויען. אן ענטפער אף „מי הוא זה מלך הכבוד" האָבן מיר געקראָגן, האָבן מיר זיך געדראפעט אף די טרעפ צו רחלען אין צימער.

III

ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט, אז בא רחלן אין צימער איז ניטאָ גארניט חוץ א בעט, וואָס מ'קאָן צורוקן צום קליינעם טישל, האָבן מיר באשלאָסן, אז דווקא דער שווערגופיקער און אלטער גאווריעל זאל גיין איינקויפן וויין און אָנבייסעכץ. ער האָט געשריגן: „גזלנים, אייך איז דאך גרינגער זיך צו שלעפן אף די טרעפ, ווי מיר?" מיר האָבן אבער גע־ענטפערט אין איין קול: מיר דארפן ניט דערווייזן, אז מיר זיינען יונג און ער דארף דערווייזן. איז ער געגאנגען, א ברירה האָט ער געהאט! וואס צו קויפן האָט גאווריעל געוואוסט, א סך מאל געקויפט אין זיין לע־בן, האָט ער אָנגעבראכט וויינען און זיסע זאכן און פרוכטן און זויערע זאכן. ס'הייסט, געבראכט האָט ניט ער, נאָר בפירוש א דינער און דאס איז געווען אין א צייט, ווען אין מיטן העלן טאג איז ניט געווען צו קריגן קיין שטיקל צוקער פאר א קליין קינד און מאמעס האָבן געאָפּפערט דעם שלום מיטן מאן, אויב ער וועט צוריק קומען א לעבעדיקער, דאָס געזונט

און מסתמא אויך דאס געפיל, אבי צו קריגן א שטיקל צוקער פארן קינד. פאר געלט, פאר א סך געלט, פאר צען מאל אזוי פיל, וויפיל די זאך האָט געקאסט, האָט מען תמיד געקראגן איבעריקס. מענטשן האָבן געזען ווי געלט פאלט, פארלירט דעם ווערט און האָבן ניט אויפגעהערט צו גלויבן אין געלט, מער, ווי אין ברויט...

ס'האָט ניט געדויערט לאנג, אַ פאר מאָל צו פאָר גלעזלעך שווערן מאַדערע וויין און רחלע האָט דערציילט איר ביאָגראפיע אינגאנצן, נאָך מיט צו פיל פרטים ס'האָט זיך אזש אַ סך מאל געגלוסט אויסשרייען: „גענוג, רחל'ע, הערט אויף“. זי איז טאקע געווען קריינדלער דעם העברעאישן לערערס טאכטער און דערפאר איז אין דעם, וואָס זי האָט דערציילט פאר מיר גאָר ניט געווען קיין נייעס, דער פאָטער האָט כמעט דאס זעלבע דערציילט. א פשוטע מעשה איז דאס געווען: זי איז געווען איין איינציקע בא אירע עלטערן, א ציטעריקע, דאָס האריץ אירם האָט טאקע תמיד געקלאפט מיט ליבע און דאנקבארקייט צו זיי, נאר ווען ס'איז אין איר צייטיק געווארן דאס, וואָס ס'איז דער זין פון לעבן בא ביידע העלפטן פון דער לעבעדיקער וועלט, האָט זי צום שכנס אינגל געצויגן מער, ווי צום טאַטן מיט דער מאַמען צוזאמענגענומען. זי האָט אזוי נאיוו געפרעגט, גאָרניט ווי קיין זונה: „בין איך דען שולדיק? ס'איז דאך די וועלט אין דעם שולדיק, די פיזיק פון מענטשן...“ „פיזיק“ האָט זי געזאגט אף צו פארשענערן איר ריידן און דער דאזיקער נאיוו אינטעליגענטישער פוץ האָט איר געפאַסט, כאָטש איצט האָבן מיר מיטאמאָל דערזען, אז זי איז גאָר ניט געווען קיין שיינע: א קליינטשיקע, מיט א קלייענדיק פנים און בלייכע ליפן. פריער געווען פארשמירט, איצט אָבער, האָבן זיי זיך אנטבלויזט. כ'בין געווען זיכער, אז איך האָב זי שוין ערגיץ געזען און אָנשטרייכנגדיק דעם זכרון, האָב איך זיך דערמאָנט, אז איך האָב זי געזען, לייענענדיק שלום עליכמס „פעסל דעם רבינס“. פונקט אזוי ווי יענעמס איז זי געווען, כאָטש פעסל איז געווען א מלמדס א טאָכטער און רחלע א לערערס. זי איז געווען יונגער פון פעסלען און אומגעדולדיקער. פעסל האָט געוואָרט לאנג, לאנג און רחלע האָט גאָר ניט געווארט: און אפשר וואָלט פעסל אויך ניט געווארט, ווען מ'לאזט זי ווי רחלען... און רחלע האָט דערציילט, ווי אזוי ס'האָט זי געצויגן צום שכנס יונגל און דעם שכנס יונגל צו איר; זי האָט באַטאָנט, אז זי זאגט „געצויגן“ ניט „פארליבט“, ווייל זי ווייסט ניט, וואָס הייסט פארליבט. אויך די דאזיקע „פילאזאפיע“ איז געווען דאָס טיפיש אינטעליגענטישע הנדל פונם מיידל, וואס האָט ליב צו דיסקוטירן. עס איז כהרף עין אראָפּ פון איר דאס וואולגארע, וואס האָט זיך אין איר אָנגעקלעפּט און זי איז

געוועזן פונקט, ווי נאָך „פאַרן אומגליק“. נאָר, ווען זי האָט געגומען שיל־דערן געגוי און מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי ס'האָט זיך צעוואַקסן אין איר די לײדנשאַפט און ווי אַזוי זי האָט זיך אים איבערגעגעבן... זי האָט זיך דערנאָך געכאַפּט, אַז זי רעדט צופיל און שוין וואולגאַר און מעשה־זונה געזאָגט, אַז זי לעבט איצט מיט קרענקלעכקייט איבער יענע לײַנדשאַפט, ווײַל פון דעמאָלט אָן, האָט זי שוין גאָרניט איבערגעלעבט, חוץ קאַשמאַר, די הונדערטער שפּעטערדיקע „מענער“ אירע זײַנען אַ פינסטערער שטי־קענדיקער קאָשמאַר... און דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זי פאַר פרומקייט, פאַר בושה און פאַר געטרײַשאַפט — אַרויסגעוואָרפן...

דאָס איבעראַשנדיקע אין איר באַנאַלער און באַקאַנטער דערציי־לונג, איז געוועזן איר אויספיר: זי האָט געזאָגט, אַז אַן אַרויסגעוואָרפענע האָט זי באַשלאָסן זיך צו נעמען דאָס לעבן און זיך איבערגעבן דער דאָזיקער פּרנסה האָט זי, ווײַל — שטאַרבן איז דאָך קיינמאָל ניט שפּעט און זי איז סײַ ווי איצט, ווי געשטאָרבן... ס'איז אַ טויט, וואָס וואַרפט זיך און אפשר גאָר אַ לעבן, וואָס איז טויט.

דער עסטרײַכישער אָפיציר אונדזערער, איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון בעט. ער האָט פון רחל'ן דערהערט זײַן אײביקן דאַנטע־אַפּאָריזם: „ס'זאָל לעבן דער טויט און אַ טויט דעם לעבן“. ער און צוזאַמען מיט אים מיר אַלע, האָבן געהאַט באַשלאָסן, אַז די מלחמה האָט פאַרוואַנדלט אונד־זער זײַן אין אַ לעבעדיקן טויט און טויטן לעבן און אָט איז געקומען אַ זונה און געזאָגט אַף זיך דאָס זעלבע; הייסט עס, אַז די גאַנצע מענערי־שע מענטשהייט פילט זיך איצט, ווי אַ זונה. זי האָט די זעלביקע מאָראַ־לישע אחריות די מענערישע מענטשלעכקייט בשעת קריג, וואָס אַ זונה. הפקר, ווײַל סײַ ווי סײַ וועל איך פאַרפוילט ווערן! — שרײַט איין צד און „הפקר“, ווײַל סײַ ווי סײַ וועל איך דערשאָסן ווערן — שרײַט דער צווייטער צד...

אַ רגע זײַנען מיר אַלע געבליבן זיצן, ווי דערשלאָגענע: אונדזער פרייד האָט אונדז דורך רחלס מויל אָנגעשפּיגן אין פּנים אַריין. באַם גאַליציאַנער האָט שוין די מילך אָנגעהויבן לויפן אין די אָדערן און ער האָט זיך געכאַפּט מעשה שיכור וויינען „די מלחמה האָט געמאַכט די יוגנט פאַר אַ זונה“. גאַווריעל האָט די לויפנדיקע מילך געלאָשן מיט ווײַן און מיט אַ ווײַז. אין אַ צײַט אַרום, האָבן מיר אַלע געטאַנצט, זינגנ־דיק „מי הוא זה מלך הכבוד“ מיט אַזוי פיל התלהבות, גלײַך מיר האָבן אין דעם פּסוק געפונען מי יודע וואָסאַראַ זין, נאָר דער גאַליציאַנער האָט געהאַלטן אין איין איבערשרײַען דעם טאַנץ: „ניטאָ קיין מלך הכבוד, אַלצ־דינג איז אַ זונה...“

# אין שטורם

## I

די חברים האָבן זיך געקהלט און געאמפּערט און געהויבן מיט הענט און געטופּעט מיט פיס און אויפגעהויבן אַ שטויב און אַ פּאַרע און ס'האָט זיך געפילט אַן אינסטינקטיווע דראונג, פאר וועלכער אלע האבן זיך געשראקן... ס'האט זיך געפילט די זעלבע קאלטע דראונג און שרעק, וואס ס'פילט זיך בשעת ברידער קאָנען זיך ניט איינפארשטיין וועגן דער ירושה פון אַ טאַטן, וואָס דאַרף ערשט שטאַרבן און איינער הויבט אויף א האַק קעגן אַנדערן. אָבער גרעסער און ווילדער איז געווען דאס געפיל; ס'זיינען געווען אַ סאך ברידער און א גרויסע ירושה — א וועלט אַ גאַנצע און דעם טאַטן האבן אלע נאך ליב געהאט... איינם נאך ס'אנדערע האבן זיי אומצייליקע מאל גענומען דאס ווארט; סיי די פירער, סיי די געפירטע און סיי די לינקע, סיי די רעכטע און סיי די מיטעלע; זיי האָבן גערעדט מיטן גאנ־צן הארצן, מיט דער גאנצער נשמה און מיטן גאנצן לייב און לעבן און יעדער איינער האט געוואלט איבערצייגן דעם אנדערן און געגלויבט, אז ער קאן נאך איבערצייגן... זיי האבן אלע גערעדט אזוי, אז זיי האבן די מיילער איננאנצן אויפגעריסן; בא אַ סאך האָט מען אָנגעזען קאַליע און איבערגעבראכענע באקציין, בא וויי ניקע האט מען אויך געזען גאלדענע ציין, נאָר אלע צעעפנטע און זיי האָבן געווירקט גרוילנדיק. און אלע האָבן זיך געשראָקן פארן סוף. פון אויבן איז נאָך געווען ווייסע און קאלאמוטנע ליבע, נאר אונטן האט שוין געזאמט רויטע שנאה, מ'האט זיך נאך גערו־פן חברים און מ'האָט שוין געפילט, אז מ'איז זיך שונאים, שונאים ביז טויט און מ'שפּילט א גייסטיקן קין־הבל שפּיל.

און אלע האבן גערעדט און ווידער גערעדט און געצויגן די דעבאטע און געוואָלט מעכב זיין דעם שרעקנדיקן סוף. אלע האָבן מורא געהאַט מ'זאָל ניט צוקומען צו דער אָפּשטימונג פון די רעזאָלוציעס, וואָס וועט זיך ענדיקן מיט דעם בלוטיקן וואָרט: שפּאַלטונג. און די מערהייט וועט

זאגן צו דער מינדערהייט פון די ג ע וו ע ז ע נ ע חברים: „ארויסט פון דאנען!..“

ס'איז געוואָרן שפּעט, דער האָן האָט שוין געהאַט געקרייעט. און אַלע האָבן זיך אָנגעכאַפּט ווי טרינקנדיקע אין א שטרוי: „אָפּלייגן אויף מאָרגן“. און מ'האָט דערמיט זיך געוואָלט איינריידן, אַז מ'וועט אויסמיידן דאָס אומפאַרמיידלעכע. די אַרבעטער האָבן גע'טענה'ט, אַז זיי דאַרפן אין דערפרי גיין צו דער אַרבעט, די פּאַרטיי - פּראָפעסיאָנאַלן האָבן זיך באַהאַלטענערהייט געמאַכט חשבונות, אַז זיי דאַרפן אַ לויטערן קאָפּ אויף מאָרגן; איינער האָט געוואָלט פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ אין בלאַט מיט אַ שאַרף אַרטיקל, אַ צווייטער האָט געוואָלט לויפן האלטן א רעדע נאָך אין אַ קלוב און „פאַרכאַפּן אַן אייגענעם דעלעגאַט“ און דער פאָרזיצער האָט די דיס־קוסיע געשלאָסן תּכף נאָך דער רעדע פון הבר טשאקיא, וואס האט געמאכט א שווערן רושם און געגרילצט בא אַלע אין די אויערן. חבר טשאקיא איז געווען א מאַדנע און שווערער חבר. ער איז געקומען יונגלווייז, צוריק מיט א צוואנציק יאר, פון א קליין שטעטל, גלייך אין דער פּארטיי אריין פון דער הויפּשטאט. זיין פאטער איז געווען א גענעראל און א רייכער און ער איז געווען א בונטארישע נאטור, און ניט געקאנט פארליידן די צירלעכ־קייטן און מאנירלעכקייטן און ווילדקייטן פון זיין סביבה און ער איז אוועק. ער איז געגאנגען אָנגעטון קרועה ובלועה, געשלאָפן אויף אַ הארטער באנק אין דער פארטיי און געלאפן צו יעדער ארבעט. אין פייער אריין זיך געוואָרפן. ער האָט זיך באלד ארויסגעוויזן אלס א גוטער רעדנער און באַ־לייענט איז ער גיך געוואָרן אָן אַ שיעור. א שטיקל מאמעליגע מיט קעז איז אים געווען גענוג אויף א גאנצן טאג און ער איז כסדר געליגן און גע־לייענט. און ער איז גיך געווארן פון די גרויסע, צו גרויס געווארן. אט ערשט געווען אן אפּגעריסענער, געליגן אין טיורמעס און פּלוצעם איז ער שוין געגאנגען מיט אַ פראַק און מיט א צילינדער און געווען א גאנצער גוטער ברודער מיט פּריצים און סתם פינצטערע ברואים.

דערצו איז ער געווארן א זשורנאליסט, א שם דבר. זיינע ארטיקלען האבן געברענט. ער האט זיך כסדר געשאפן טעגלעכע צייטונגען, ריזיק גרויסע. די פארטיי איז געווען אן ארעמע, האט שווער געקאנט האבן א קליין וואכן־צייטונגל און טשאקיא פלעגט האבן א גרויסע צייטונג און א מוראדיק רעוואלוציאנערע, נאר עפּעס איז תמיד געוועז אין איר אומ־ריינקייט — מ'האָט אפילו געזאָגט, אַז זי איז פּאָליציייאיש. און די פאר־טיי האט טשאקיאן אומצייליקע מאל אויסגעשלאסן און אומצייליקע צו־ריק אריינגענומען. אָבער וויפיל מאָל די פאַרטיי האָט איבערגעלעבט אַ גרויסן קריזיס, בעת פּאָליציי האָט די הויפּט פירער אַרעסטירט, אַזוי פיל

מאל איז טשאקיא ארויפגעשוואומען אפן אויבערפלאך און איז געווארן א פירער, געשטעלט א בלאט צו דינסט און פאליציע האט דאס בלאט ניט געטשעפעט... און שפעטער, ווען די פארטיי איז צוריק נאָרמאל געוואָרן, האט מען טשאקיאן דערוויטערט און ער האט זיין בלאט פארקויפט א בירגערלעכן פאליטיקאנער, וואס האט ספעקולירט די רעוואלוציאנערע פירמע פון טשאקיאס „פאקל", „רוף" אָדער „שטורעם".

זייענדיק מחוץ פון דער פארטיי פלעג ער פירן א ווילד לעבן פון הור־ליאנקעס אין די רייכסטע שאנטאנען און ווארפן מיט געלט, ווי מיט שטויב. ער האט געקאנט ערשט האבן אן אייגענעם אויטא מיט א שאפער און קיינמאל ניט אויסטון דעם צילינדער און פראק. און פלוצעם האט ער געקאָנט ווערן אָרעם, ארומגיין אָפגעריסן און אָפגעשליסן און קומען בעטן א גמילת חסד פון גראָשנס בא די דאָזיקע, אַף וועלכער ער האָט ערשט נעכטן אויסגעגעבן טויזנטערס. און אַז די פארטיי האָט איבערגעלעבט אַ שטורם, איז טשאקיא ווידער געוועזן אין פארטיי מיט געלט און מיט אַ בלאַט און מיט דער גאַנצער נשמה און מיט טרערן. און אַז מ'האָט גע־פרעגט: סטייטש, חבר טשאקיא, האסט דאך ערשט דיין „פאקל" פאר־קויפט צו א פריץ? האט ער זיך געקלאפט אין הארצן אריין און געשוואוירן, אז ער איז ניט שולדיק, ס'איז בא אים אזא פארשאלטענע נאטור — ער מוז פלוצעם זיך צעהוליען און דעמאלט איז ער ניט פאראנטווארטלעך.

און ס'איז שוין אמאָל געקומען דערצו, אז זיינער א חבר, א דיכטער, זאָל זאָגן אַף אים, אז ער גייט ארום מיט זיין יונגערער שוועסטער — א קליינע רייצנדיקע מיידל, וואָס האָט זיך געשניטן אַף אקטריסע — צו פריצים און אויב ער האנדעלט ניט מיט איר, ספעקולירט ער זי... ער איז אפילו געוועזן פארמישט אין א באנדע פעדעראסטן, צווישן וועלכע ס'האָ־בן זיך געפונען א פאר מיניסטארן און דער טראן־פרינץ אליין. מ'האט די באנדע אנטדעקט און טאקע איבער טשאקיאן. ער האָט גערייצט א דינער מיט אייפערזוכט אַף אַ טעאַטער־דירעקטאָר און דער דינער האָט דעם דירעק־טאר ארייגעשטעקט א מעסער אין קאפּ אריין. די געשיכטע איז פאר יעדן געווען באקאַנט און יעדער האָט געוואוסט, אז די רעגירונג האָט דערפון ניט געמאכט קיין פראצעס נאר דערפאר, ווייל עס זיינען געווען פארמישט צו גרויסע פערזאָנען און יעדער האָט געוואוסט, אז טשאָקיא איז אויך גע־ווען פארמישט אין דער געשיכטע און פונדעסטוועגן איז ער דערנאך א כאך מאָל נאָך געווען מיטגליד אין דער סאָציאליסטישער פארטיי און ער האט ניט איינמאל געטרייסט זיין אויער מיטן ווארט חבר, נאך וועלכן ער איז אויסגעגאנגען. ער פלעגט קומען בעטן מ'זאל אים זאגן חבר, פונקט ווי דער צעדרייטער בעראלע, וואס איז געווען אן איינציקער אידישער

דיכטער צווישן די פּארטיי פירער און אלע האבן אים געמוטשעט למאי ער שרייבט ניט אין דער לאנד שפּראך, פּונקט ווי דער דאזיקער בעראלע פלעגט לויפן זוכן ערגעץ א אידענע און בעטן זי זאל אים זינגען א אידיש לידל, אזוי איז טשאַקיא געלאָפן מ'זאָל אים זאָגן חבר.

יעדער האט געוואוסט, אז אינעווייניק אין דער נשמה איז טשאקיא אן ערלעכער און א רעוואָלוציאָנער און ער איז גרייט טאַקע אויפריכטיק צו טון אלצדינג, אז די רעוואָלוציע זאָל אפילו מאָרגן קומען, אָבער א פּאר־שאָלטענע נאַטור איז ער. ער דארף פירן א ווילדן לעבן און קאן זיך ניט באהערשן. א פּארטיי־פירער האָט אף אים געזאָגט, אז ער גייט זייער אָפט תשובה טון אזוי ווי געטעס רייניקע פּוקס, אבער גייענדיק תשובה טון דערמאָנט ער זיך, אז מ'קאָן זינדיקן און ער באלעקט זיך פון די פריער־דיקע זינד און קערט זיך ווייטער אום צו זיי.

און אָט אָ דער דאָזיקער חבר טשאקיא איז בשעת דעם שטורעם פון ערב־שפּאלטונג ווידער צוגעשוואומען צו דער פּארטיי און ער האָט דאס גערעדט דער לעצטער אין יענעם באנאכט. גערעדט מיט ברען און מיט שכל, געהאלטן מיט די גאר לינקע און די ווערטער זיינע האבן זיך געלייגט שווער. די לינקע האָבן זיך געפילט פארביטערט פון דעם, וואס ער האלט מיט זייער צד און די רעכטע האָבן כמעט צופרידן געשמייכלט, אָבער זיי האבן אים שווער געהערט... דער פּארזיצער, א הייזעריקער, האט מיט'ן גלעקל גרינג באהערשט די מידע דעלעגאטן־פּארזאמלונג און האט אפּגע־לייגט דעם דראָענדיקן סוף אף מאָרגן. אלע זיינען זיך גיך צעגאנגען און דער קלוב איז געוואָרן איינגאנצן פּוסט.

## II

אין קלוב איז געווען פּוסט און טונקל. דער שטויב און די פּארע זיינען נאך געשטאנען אויבן און איינגעהילט דאס פּראסטע חדר מיט די היל־צערנע ווענט און הילצערנע בענק מיט אן אומהיימלעכקייט. די בילדער פון די ווענט, וואס האבן זיך קוים ארויסגעזען און פון וועלכע מ'האט אנגע־זען מער בערד ווי אויגן, האָבן אויך געוואָרפן אומהיימלעכקייט.

חבר הארעפּ האט זיך איינער אליין ארומגעדרייט אין קלוב, געריבן זיך א האנט אין א האנט און עפּעס געוואלט ארויסציען פון ערגעץ א גע־דאנק, וואס זאָל אים בארואיקן און טרייסטן, ער האָט אָבער אזא געדאנק ניט געפונען און ברומענדיק „טייערע ווענטעלעך מיינע, פריער וועט מען אייך צעשיסן און דערנאך וועלן אייך הינט צעטראגן און מייז צעעסן", האט ער גענומען זיך מאכן דאס געלעגער: צענויפשטעלן צוויי בענק און

און ארויפליייגן אף זיי אן אלטן מאנטל אונטער די פלייצעס און א פעלצל צוקאָפּנס. חבר האָרעפּ איז געווען א בעקער; מ'האָט געזאָגט אף אים, אז ער איז איינער פון די בעסטע אין זיין פאַך. ביז פאר די מלחמה איז ער כמעט אינגאנצן ניט געווען באוואוסטזיניק, אינגלווייז האָט ער אין שטעטל יאָ איבערגעליייענט עטלעכע אנארכיסטישע ביכער, אָבער שפּעטער, ווען ער איז אנגעקומען אין דער הויפּשטאָט, האט ער קיינמאל קיין מענטשן ניט געזען און ביכער האט ער געליייענט אנדערע: מעשׂות פון ליבעס, גזלנים און דעקטעקטיוון. צו ארבעטן איז אים כסדר אויסגעקומען באנאכט, האט ער קיינמאל ניט געקאָנט גיין, ניט אף לעקציעס, ניט אף קיין מי־טינגען, ניט אין קיין טעאטערס. די טעג פלעג ער העכער העלפט שלאָפן, אזוי ווי א רויב־פויגל און האט ער געהאט אמאל א פרייע נאכט, פלעג ער זיך צעהוליען אין א שענק, אזוי ווי א מאטראס, וואס דערפילט נאך א חדשים־לאנגן שאָקלעניש אפן ים ערד אונטער די פיס. דער קאָפּ האָט אים שוין דעמאלט געווען גענוג געאַרבעט, — און שטייענדיק נעבן גרויסן פייער פון אויוון, פלעג ער „בראטן“ א געדאנק, וואס האט אים אליין געבראטן: „די דאזיקע, וואס פארזארגן מענטשן מיט ברויט, לעבן אליין ווי חיות“...

אוועקגייענדיק אין דער מלחמה, איז ער אריין אביסל א פארוואונ־דעטער אין געפענגעניש און דארט איז ער געווארן אינגאנצן באוואוסט־זיניק. דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט וואָס די מלחמה איז און פון דאָרט איז ער אהיים געקומען מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אז די דאזיקע, וואָס האָבן דעם וועלט־פלאַם אָנגעצונדן, דארפן פון אים אליין פארברענט ווערן. ער איז גיך געווארן א שטארקער טוער אין דער פארטיי. ער פלעגט ארבעטן א קורין שטיקל צייט, צענויפקארגן עטלעכע מטבעות און דער־נאך א לאנגע צייט זיין פריי און קאנען אינגאנצן זיך איבערגעבן דער פארטיי. שלאפן פלעג ער אין פארטיי און עסן פלעג ער טרוקענע זאכן און ווייניק. דער קערפּער איז בא אים געווארן אפגעשוואכט, נאר א פייער, וואס האט בא אים כסדר געברענט אין די עצמות, האט אים גע־האלטן. אָבער צוזאמען מיט די ברענענדיקע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען, וואס האבן בא אים ארומגעטאנצט אין מוח און אין הארצן, האבן אנגע־הויבן ארומטאנצן אויך אנדערע געדאנקן: מאדנע, שרעקענדיקע... ער האט אנגעהויבן קוקן אף פרויען און יעדע האט אים גערייצט. יעדער בא־געגעניש אין גאס מיט א פרוי האט אים דורך און דורך געגומען. מיט יע־דער פרוי פון דער פארטיי, וואס האט געהאט א מאדערנער אויסזען, האט ער אין די געדאַנקען געזינדיקט און חתונה געהאַט... מאָמענטנווייז, ליגנ־דיק מיט קעלט און פיבער אף די הארטע בענק פון דער פארטיי, פלעג

ער חלומ'ען פון אַזא לעבן ווי טשאַקיא פירט, אָבער — ער האָט זיך דער־פאַר אַליין איבערגעשראָקן און געזוכט פאַרטויבן דאָס צערייצטקייט מיט אַ געדאַנק פון אַ שווערן בוך, פונקט ווי אַ פרומער איד פלעגט פאַרטרייבן מחשבות זרות מיט אַ קאַפּיטל תהילים.

אַננעמענדיק אַ באַנק אין יענעם שטורמישן באַנאַכט, האָט חבר האַרעפּ דערפילט, אַז זי רירט זיך שווער, האָט ער אַ קוק געטון אויף איר: כ'איז אויף איר געליגן די חבר'טע סאַבינאַ — אַן אַריסטאָקראַטקע, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ מאַן, וואָס האָט זיך געשניטן אויף מיניסטער און איז אַוועק צו די אַרבעטער. אין די הויכע קרייזן האָט מען געזאָגט, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין פּאַרטיי־פירער פּלאַמעק, וואָס איז געווען ניט נאָר אַ פּראָמעטעי און אַ דאָן קיכאָט, נאָר אויך אַ דאָן זשואַן און פרויען האָבן זיך געוואַלגערט באַ זיינע פיס ווי מיסט. אָבער קיינער האָט זי כמעט ניט געזען מיט פּלאַמעקן, חוץ גאָר די ערשטע צייט. צווישן אַר־בעטער האָט מען געוואוסט, אַז פאַרקערט, זי לויפט נאָך יונגטלעכע אַר־בעטער. אַ טייל יונגטלעכע האָבן אפילו איר נאָכגעמאַכט ווי אַזוי זי פּי־בערט מיטן גאַנצן לאַנגן, שלאַנקן גוף, וואָס פאַרבויגט זיך פויגליש אַרי־בער באַם קאָפּ און ווי אַזוי זי צעעפנט אירע גרויסע, לענגעכיקע אויגן און פיבערט דערביי מיטן קוים הייזעריקלעכן קויל: „אַך ביזט אַזוי יונג, אַזוי יונג"...

די אַרבעטער האָבן איר ניט געגלויבט, אָבער זיי האָבן זיך אָפּט פאַרקוקט צערייצטע אויף איר לענגכיקן פּנים, וואָס האָט געהאַט אַ טונקע־לע פאַרב, וואָס איז כמעט געווען גרין, אָבער זי איז געווען צאַרט און פאַרזיכטיק. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'וואָלט אַ חלום פאַרווירקלעכט געוואָרן ווען מען קאָן זיך צורירן צו איר. זי איז נאָך כסדר גע־גאַנגען עלעגאַנט געקליידעט, אַזוי אַז דער גוף אירער האָט דערמאָנט אין קערפּער פון אַ פיינעם געיעג־פערד, בעת ער איז אינגאַנצן אָנגעשטריינגט נאָך אַ געיעג. די אַרבעטער האָבן איר ניט געגלויבט און מ'האָט אָפּט זי באַלאָדן מיט פּשוטער טעכנישער אַרבעט, בכדי זי זאָל זיך ניט דאַרפן אַרומדרייען אומעטום און זי האָט געפאָלגט ווי אַ קינד. פאַר אַלע איז געווען אַ סוד איר זיין אין דער פּאַר־טיי. בשעת די שטורמישע דעבאַטן אין יענער שטורמישער נאַכט האָט זי זיך אויך באַטייליקט, זי איז געווען פון די גאָר לינקע און מ'האָט פון איר ריידן אַ סך מאָל געלאַכט. איבערהויפּט האָבן געלאַכט די רעכטע און צו איר געשריגן: „חבר'טע סאַבינע, אַזאַ לינקע וואָלט געמעגט טראַ־גן אַ לענגער קליידל". פון די אָפּטע צווישנרופן, וואָס מ'האָט איר געמאַכט, האָט דער קאָפּ באַ איר שווער געאַרבעט און ווען די פאַרזאַמלונג האָט

זיך פארענדיקט, האָט זי זיך ניט באוויזן צוזאמענצונעמען און איז אנידער־געפאלן ווי א קלאָץ.

חבר הארעפ האט מיט א קאלטן און הייסן גרויל געקוקט אף איר קערפער, וואס איז געווען איינגעבראכן אף א סאך טיילן, און יעדער טייל האָט ארויסגעקוקט בולט ווי פון אונטער א טריקא. ער האָט א פּאָר מאָל זיך צוגערירט צו עטלעכע ערטער פון איר קערפער און געפילט גלייך ער וואלט זיך עלעקטריק ארייגנעלאזט אין די אדערן. ער האט זיך פלו־צעם פאר עפעס אליין דערשראקן און זי אף גיך גענומען טארען: „חבר־טע סאבינא, שטייט אויף!" זי האט אויפגעריסן די אויגן, זיך גענומען אויפהויבן. מיט איין האנט האט זי זיך באם האלדז געהאלטן און מיטן צווייטן האט זי זיך געהאלטן אין איין ציען דאס קורצע קליידל איבער די קניעס. זי האט זיך ארומגעקוקט און א ברום געטון: „שפעט שוין אפנים..." זי האט זיך אויפגעהויבן, אויסגעגלייכט און דערזעענדיק הא־רעפן, א שמייכל געטון: „א גליק, וואס איך בין געבליבן מיט אזא ערנס־טן און ווייניק געפערלעכן חבר ווי איר". הארעפ האט געפיבערט און קוים געענטפערט: „איר זענט דערפאר צו פיל געפערלעך"... זי האָט צו־ריק געענטפערט: „איר קאנט אייך ניט פארשטעלן, וואסארא גליק ס'איז צו הערן פון אייך אז איך בין געפערלעך"... הארעפ האָט איר געקוקט גלייך אין די אויגן אריין און ארויסגעלאזט ווערטער, וואס זיינען געווען שארף און שפּיציק; זיי האבן געזאלט שניידן און שטעכן... „איר — האט ער איר געזאָגט — זענט געבליבן א בורזשויקע. אלע אייערע פרויען גייען ארום און רייצן און ברענען. זיי טוען מיט זייערע אויסזען דאס זעל־בע, וואס די פּאטריציער האבן געטון מיט די קאנטשיקעס: זיי שמייסן. איר זענט ניט בעסער פון אלע אייערע פרויען. איך פארשטיי ניט, וואָס איר טוט דאָ בא אונדז"... „איך — האב סאבינא געענטפערט אטעמ־דיק שווער — בין ניט ווי אלע. איך בין אייך גרייט ניט נאר צו שמייסן, נאר אויך צו גלעטן... איך בין א פרייע פרוי..." חבר הארעפ האט געקוקט אף איר א ציטערנדיקער, אין מוח האָט זיך אים געפלאָנטעט א געדאַנק: „רייצט ניט און באפרידיקט ניט, גיט ניט קיין גיפט און גיט ניט קיין האניק, אייער האניק איז אויך פול מיט גיפט" אבער ער האט ניט גע־קאנט ריידן און איז געפאלן א קאנוואולסיווער נעבן איר.

...פארטאג האט חבר הארעפ נאך אלץ גערעדט מיט חברטע סאבי־נע און דערוויזן, אז די פנימער און די פיס פון די פריצישע פרויען זיינען א בייטש פאר דער ארבעטנדיקער מענטשהייט און זי האט צוגעשאקלט מיטן קאפ. איינמאל האט זי אים געגעבן א פרעג: „אבער פאר וואס האט איר מיר נאך איינמאל ניט געפרעגט פארוואס איך האב איבערגעלאזט

מיין מאן און מיין וועלט און איך בין אוועק אהער?" הארעף האט געש־פּאַטעט מיטן גאנצן צעקראַכענעם און אָפּגעקילטן קערפּער: „איר וועט סיי ווי ניט זאגן דעם אמת. אייניקע זאגן, אז איר זענט פארליבט אין פּלאַמעקן, אנדערע זאָגן, אז איר האָט א שוואכקייט צו ארבעטער, ווען זיי זיינען שמוציק. מ'זאגט אפילו, אז איר זענט א פּראוואקאטארשע און מ'היט אייך"...

סאבינע האט פּלוצעם ענערגיש געגעבן זיך א באוועג צו אים: „איך בין דאך שוין אזוי ווי איר. כסדר דא, איך ארבעט און לייד, ארעסטירט אַפילו געווען שוין און אָט בין איך שוין ווי איר געשלאָפן אף די הארטע בענק, פונקט ווי איר..." הארעף האט געענטפערט געניצנדיק: „איר זענט ווינדפלייש בא אונז. א שטורעם־ווינט האט אייך געבראכט און א שטור־רעם־ווינט וועט אייך אוועקרייסן פון דאנען". סאבינע האט אים געקוקט אין די אויגן אריין און ס'האט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי זעט דארט א תהום אין וועלכן זי אַליין בלאָנדזשעט.

# מיניאַטורן

## אַלע דריי האָבן געשריגן...

די מאמע האָט זיך פריער געפּרואווט ווערטלען מיט אירע צוויי קינדערלעך וועגן דעם, וואס ס'איז קיין עסן ניטאָ און זי האָט זיי אפילו געגומען איינריידן, אז ס'איז ניט געזונט צו עסן פאַרן שלאָף און אז מ'לייגט זיך אָן עסן, זעט מען שיינע חלומות... נאָר, אז זי האָט איינגע־זען אז עס העלפט ניט, די צוויי קליינע יאטלעך, וואס זיינען געווען אלט איינער צען און דער אנדערער צוועלף יאר, ווילן ניט קיין חלומות, נאָר כאָטש צו שטיקלאך ברויט, האָט זי גענומען שרייען אַף זיי, אז זיי דער־גייען איר די יארן און בא לייטן ווייסן קינדער, אז ניטאָ פּאפּע, גיי ליוליע, נאָר זי האָט שלענג, ניט קיין קינדער...

דער צוועלף יאריקער, וואס האָט געהייסן שמואליקל און וואס האָט שוין געוואוסט, אז ווי שטארק ער זאל ניט וועלן עסן, קריגט ער ניט, אויב ס'איז ניטאָ, ער קריגט העכסטנס א פּאָר ביטערע געשריי און אזוינע דינע קלעפּ, וואָס טוען דוכט זיך ניט ווי און דאך ווי, זיי טוען ניט ווי דארט, וואו מען גיט זיי, נאר באם הארצן, דער דאזיקער איז שוין געווען גרייט אריינרוקן די צונג צווישן די ציין, זיך איינקאָרטשען און בעטן אַף שלאָף; דער צען־יאָריקער אָבער, וואס האָט געהייסן ישראליקל און וואס האָט שוין אויך גענוג מאל אין זיין לעבן געקראָגן פּעטש, ווען ער האָט געוואלט ברויט, דער דאזיקער האָט זיך איינגעשפּארט און ניט געוואלט אויפהערן שרייען, האָט שוין שמואליקל אויך מיטגעשריען, האָט די מאַמע נאָך העכער געשריגן און אלע אינאיינעם האָבן אויפגעהויבן אזא קול, אז עס האָט זיך געדוכט, אז דער שטומער הונגער האָט באקומען א קול

פון א לייב און ער נעמט איינלייגן וועלטן. „צום גליק“ איז אריינגעקומען א שכנה און אלע דריי האָבן זיך פארשעמט און איינגעשוויגן, פילנדיק אז די גאל פלאצט בא זיי פאר כעס און פאר בושה.

ווען די שכנה איז ארויסגעגאנגען, האָט ישראליקל זיך תיכף צע־וויינט און שמואליקל נאָך אים. די מאמע האָט זיך אויך פארלוירן און מיט א ווילדן געשריי זיך געלאזט מיט אויסגעשטרעקטע קולאקעס אף ביידע. אלע דריי האָבן זיך איינגעקלאַמערט איינער אין אנדערן און א שטיק צייט האָבן זיי אויסגעזען ווי א מין חיה מיט דריי עקן, וואס ווארפט זיך און זשומעט... ווען זיי האָבן זיך אויפגעהערט ווארפן, זיינען זיי נאָך אויך געווען צוזאמענגעקניפט, אַפּנים ווייל זיי האָבן קיין כוח ניט געהאַט זיך צו צענעמען. די קינדער, אָפּגעמאטערטע פון הונגער און געשלעג זיינען פאוואָלי אזוי איינגעשלאפן און די מאמע האָט זיך קוים אוועק־געשלעפּט פון זייער בעטל און ווען זי האָט געזען, אז די קינדערלאך שלאַ־פן, האָט זי זיך צעוויינט מיט א דין קול, וואס האָט זיך אריינגעשניטן אין דער נאכטשטילקייט פון ארום און דעם שיעור קיין בלוט ניט געלאזט און ארויסגעוויזן האָט זיך, אז ס'איז עפּעס א וואויעניש פון א חיה, וואס שרעקט מיט אומקום.

און ווען די מאמע איז אויך איינגעשלאָפן, און אויסגעוויינטע איז אירע טרערן און א פארמאטערטע פון איר ווייטיק און ארום איז דאָס נאכטשטילקייט געבליבן א ניט גערירטס, א גרוילנדיקס, האָט זיך ישראליק־לען אָנגעהויבן עפּעס חלומען. עס האָט זיך אים געחלומט טאקע דער אייגענער הונגער, וואס האָט אים געצופּט אין הארצן, געמאכט וואס אמאָל הוילער דארטן און אים געמאכט אלע אברים ווייך און אָן כוח. נאָר דער הונגער איז אים ניט פארגעקומען ווי ער איז, א גרויער גאר ניט, וואס האָט ניט קיין צורה און ניט קיין קול און וואס נאָגט און ציט אויס דעם מארך בלינדערהייד און שטומערהייד, נאָר ער האָט זיך אים פאר־געשטעלט ווי עפּעס א מין רויטע חיה מיט פארלאפענע בלוטיקע אויגן, מיט גרויסע נעגל און ווילדע ציין און די דאזיקע חיה האָט זיך געהאלטן אין איין דערנענטערן צו אים און אָט אָט כאפּט זי אים שוין אן... און ישראליק האָט זיך דערשראקן און האָט פון שלאף אנגעהויבן שרייען געוואלד. און שמואליק, וואס האָט גאר ניט געחלומט, האָט זיך פון זיין ברודערס געשריי אויפגעכאפּט און געהערט ווי ער שרייט געוואלד, איז ער געווען זיכער, אז ס'איז שרעקליך און ער האָט אויך אנגעהויבן שרייען געוואלד. האָט זיך שוין די מאמע אויפגעכאפּט און הערענדיק די קינדערס געוואלד, האָט זי געשריגן נאָך העכער פאר זיי. און אלע דריי האָבן א לאנגע צייט געשריגן געוואלד אין דער פוסטער נאכט אריין.

# װי אין א טאַנץ

זי האָט געהאַט א מויל, האָט דאָס אויסגעזען פּונקט װי א מאָרדע פון א חיה: דאָס גאַנצע פּנים אירס האָט זיך געצויגן צום מויל, װאָס איז געװען העכער פון איר נאָז. און דאָך אַז מ'האָט געקוקט לאַנג אַף איר, האָט זי אָנגעהויבן געפעלן: זי האָט געהאַט אויגן, װאָס האָבן געקוקט װאַרעם, קלוג, געטרײַ און זוכנדיק אַזוי װי אויגן פון א גוטן קלוגן הונט; און דאָס שװאַרצקײט אירס איז אויך געװען עפּעס אַזױנס װאָס האָט געװאַרעמט.

ער איז געװען א הויכער, אַן אומגעלומפּערטער, האָט געהאַט לאַנגע פיס און קורצע הענט, װאָס האָבן אויסגעזען װי צװײ לאַפּעס, װעלכע ער האָט ערשט אויפגעהויבן פון דער ערד: ערשט נעכטן געװען א חיה און הײַנט שוין געװאָרן אַ מענטש. דאָס פּנים איז בײַ אים געװען האַלב־געל און האַלב־רויט און די הויט האָט גיכער אויסגעזען א חיה'שע פעל, אײדער א מענטשלעכע הויט און קײן אויגן האָט מען בײַ אים גאָר ניט אַרויסגעזען. א קול האָט ער אויך געהאַט א שװערס, א סקריפּנדיקס. און פונדעסטװעגן, אַז אַ פרוי האָט אַף אים לאַנג געקוקט, האָט זיך איר פאַרדרײט דער קאָפּ און זי איז גרײט געװען אים זיך איבערגעבן, כאָטש זי האָט געפילט מיט שוידער, אַז ער װעט זי פאַרציקן.

באַגעגנט האָבן זײ זיך ערגעץ אין א קעלער־שײַנקל, װאו ס'פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן גנבים און זונה'ס. זי האָט אַהין אַראָפּגעזונקען; ניט געװאָלט בלײַבן אינם קלײנעם ליטװישן שטעטל בײַ דעם אָרימען באַלעבאַטישן טאַטן, איז זי אַװעק קײן װאַרשע, לכתחילה געגאַנגען אַרבעטן אין א פאַבריק, ס'האָבן זיך אָבער געפונען חבר'טעס, װאָס האָבן זי געפירט צו אַ גרינגערן לעבן; ער האָט זיך אַהין אויפגעהויבן. ער איז געבוירן געװאָרן ערגעץ אונטער א פּלויט, ניט געקענט קײן טאַטן און קײן מאַמען. און װען ער האָט בײַ עטלעכע און צװאַנציק יאָר שוין „פאַרדינט" בײַ גניבות אַף אַזױ פיל, אַז ער האָט זיך געקענט אויספּוצן און הוליען אין דעם קעלער שײַנקל, האָט ער זיך שוין געפילט שטאָלץ.

זי האָט ניט געקלערט פון גאָרניט, גײענדיק אַהין, זי האָט נאָר געטראַכט פון ניט אַרבעטן אין פאַבריק; ער האָט געקלערט צו געפינען דאָרט א „כלה", װאָס זאָל אים אויסהאַלטן. נאָר, אַז ער האָט זיך מיט איר באַקענט און געזען, אַז זי איז אַ „יאָלדעװקע" און א „װיטישע", האָט ער אַ טראַכט געטון, אַז ער װעט זיך דורך איר קאָנען אויפהויבן נאָך העכער, ביז

צו לייטן גלייך. און זי האָט געפילט, אַז זי הויבט אָן זינקען, האָט זי גע־קלערט, אַז זי וועט זיך דורך אים קאָנען ראַטעווען און זיך אָנגעכאַפּט אָן אים ווי אין אַ לעצטן שטרוי.

און זיי האָבן געשטעלט אַ חופּה.

ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך ביטערער, ווי זי האָט זיך פאַרגע־שטעלט; און ס'איז געקומען די נאַכט, ווען מאַן און ווייב פון אַלע באַשע־פעניש פאַראייניקן זיך, פלעג ער זי באַפאַלן ווי אַ חיה, שלאָגן און בייסן ביז זי האָט פול געמאַכט דאָס געלעגער מיט טרערן און בלוט. און זי האָט זיך פון אים אויסגעלערנט, און ווען ער איז שוין עפּעס מילדער געווען, האָט זי מיט ווילדקייט זיך געוואָרפן אַף אים און זייער לעבן איז געווען אַן איי־ביק חיה'ש געשלעג.

און איינמאָל איז זי אַוועק פון אים, איז ער איר נאָכגעלאָפן, זיך געבעטן, זיך געשלאָגן אין הארצן אַריין, אַז ער וועט שוין מער ניט און ס'האָט ניט געהאָלפן: ער האָט געמוזט גיין מיט איר צום רב זיך גטן. דער רב האָט אָנגעהויבן איינטענה'ן מיט איר וועגן שלום און זי האָט זיך ניט געלאָזט. דאַן האָט ער אויפגעהויבן אַ האַנט אַף איר און אַראָפּגעלאָזט אַזאַ פּאַטש, אַז זי איז געפאַלן חלשות און זיך באַגאָסן מיט בלוט. דער רב האָט זיך צעהיצט, געשריגן, אַז איצטער וועט ער איר שוין מוזן געבן גט און געשריגן, אַז ער זאָל אַרויס פון זיין שטוב דער פּאַסקודניאַק און דער פּאַסקודניאַק האָט געפאָלגט און איז אַוועק. ווען מ'האָט זי דערמונטערט, איז ער שוין ניט געווען.

איז זי אַנטלאָפן פון זיינע דלת אמות, בשתיקה זיך געראַטשקעט ביז זי איז דערקראָכן צו איר פאָטער — אַן אַלטער, פרומער איד, וואָס האָט זי געהאַלטן פאַר געשטאָרבן פאַר זיך און זי ניט געוואָלט קענען פאַר איר זינדיק לעבן, נאָר זי האָט זיך אַריינגעבעטן צו אים, אַזוי ווי מ'בעט זיך אַריין אין אַ שטוב פון אַ שונא פאַר אַ צעווילדעוועטער חיה. נאָר ווען ער איז געקומען אין אַ פּאָר חדשים אַרום צו איר פאָטערס הויז איז זי צו אים אַרויסגעקראָכן ווי אַ הונט צום באַלעבאָס...

און אַ סאַך מאָל האָט זיך דערנאָך זייער לעבן געטראָפן פונקט דאָס זעלבע און ס'האָט זיך געדרייט זייער לעבן, פונקט ווי אַ טאַנץ, אין וועלכן מ'מוז אַ סאַך מאָל קומען אַף די זעלביקע פלעצער.

# קיינער ווערט ניט געבוירן אָן א זיווג

ער האָט אויסגעוויזן ווי א סטראשידלע, דער קראנקער חיים; ער האָט געהאט א קאָפּ, וואס איז געווען שפּיציק כמעט ווי אן אוגערקע, אויגן האָט ער געהאט אינווייניק אויסגעלאָשענע און אינדרויסן זיינען זיי געווען פייכטגלאנצנדיקע און רויטע. ער איז געווען טויב אזוי ווי א ניט־לעבעדיקע זאך און אז ער איז געשטאנען ביים טירל צו דער גאס, האָט מען ניט געקאנט ארויסגיין ביז וואנען מען האָט אים ניט געגעבן א שלעפּ מיטן גאנצן כוח, ניט נאר קיין געשריי האָט ער ניט געהערט, נאָר אפילו א טאָרע האָט ער ניט געפילט. ניט איינמאל האָבן זיך די שכנים איבער אים געוואלט ארויסציען, טאקע דערפאר, וואס ר'איז כסדר געשטאנען ביים טירל און זיי האָבן זיך געמוזט צו אים צורירן און ס'איז זיי געווען מיאוס, ווייל פאר קראנקשאפט איז ער געווען אביסל ניט ריין אויך און דערצו האָט ער נאך געהאט טובערקולאז אין האלדז און ווען ער האָט גע־רעדט, האָט זיך אויסגעוויזן, אז דער טויט האָט זיך אָנגעטון אין דער מיאוסטער צורה, זיך אריינגענומען דאס מיאוסטע קול און דערצו שפּייט ער ערשט... חוץ דעם, וואס די עלטערן האָבן געהאט יסורים פון אים אליין, וואס ער איז געווען א פּלאָג פאר זיך און פאר אנדערע, האָבן זיי געהאט צרות דערפון אויך, וואס ער פארטרייבט זיי די שכנים.

צו אלע צרות איז נאך חיים געווען א מאן און אין זיין קראנקן גוף און קרענקלעכער פּסיכיק האָבן געברענט תאוות און ער האָט געקוקט אין די פרויען אריין דורך זיינע שרעקלעכע אויגן מיט זיין גאנצן קראנקן בלוט. און אז ער האָט אזוי געקוקט אַף אַ מיידל, אָדער א פרוי, פלעג זיך יענע צעקוויטשען גלייך דער מלאך המות וואלט איר נאָכגעיאָגט און אייניקע פלעגן פון זיין קוקן באקומען א היסטעריקע, כאָטש ער איז אזוי געווען א שטילער און א גוטער און אפילו ניט געטראכט עמיצן א ריר צו טון. עפּעס האָט זיך יעדער פרוי און יעדער מיידל געדוכט, אז אָט וועט ער זיך אַף איר ארויפוואַרפן. ערשט אז מ'האָט אים געקענט גאָר נאָענט, האָט מען געזען, אז ער איז אן עלנדער, א צוגעקלאפּטער און איז פאר א גוטן בליק גרייט צו דינען ווי א געטרייער הונט און ער וויל ניט גארניט, נאָר מ'זאל אים כאָטש אביסל באטראכטן פאר א מענטש.

און די עלטערן, פּשוטע מענטשן, וואס האָבן געהאָרעוועט לאנג און שווער און צונויפגעקלאַפּט אביסל געלט, האָבן ניט אויפגעהערט קלערן וועגן דעם, אז מ'דאַרף אים חתונה מאַכן. די עלטערע טעכטער זייערע פלעגן

לאכן און וויינען און אריינפאלן אין היסטעריקע און שרייען, אז זיי זאלן אויפהערן צו טראכטן וועגן חתונה מאכן, ווייל זיי וועלן אפילו קיין משוגענע ניט געפינען פאר אים און חוץ דעם איז דאָס חתונה האָבן פאר אים א זיכער־דער טויט און זיי — פשוטע און נארישע מענטשן — האבן געהאלטן אין איין טענהן, אז א מענטש דארף חתונה האָבן און קיינער ווערט ניט גע־בוירן אן זיין זיווג...

איינמאָל האָט זיך צו חיימ'ס עלטערן אריינגעצויגן אן אלטע אלמנה, אן איינגעהויקערטע, א קרענקלעכע מיט א סך דלות אף דעם צעבראכע־נעם גוף און צערינצלטן פנים. די דאָזיקע אלמנה האָט געהאט א טאָכ־טער שרהקע, א מיידל פון גארניט דער ערשטער יוגנט, וואָס האָט סיי דעם דלות פון גוף, סיי דעם דלות פון די קליידער נאָך געהאלטן א ביסל באַפוצט ,שרה'קעס מאַמע איז געווארן אן אלמנה נאָך אין דער אלטער היים און איז דארט געוועזן א קבצנטע אין זיבן פאָלעס, האָט זי געמומען, די דאָזיקע שטוב אף וועלכער ס'האָבן אפשר פינף דורות געהאָרעוועט, און האָט זי פארקויפט, בכדי צו האָבן מיט וואס צו פארן קיין ארגענטינע. און פאָרן קיין ארגענטינע האָט זי געוואלט צוליב שרה'קען: זי האָט גע־וואָלט פאר איר געפינען א שידוך. דעמאלט ווען זי איז געפארן קיין אר־גענטינע, איז נאָך שרהקע געוועזן א פריש מיידל און ניט קיין מיאוסע, נאָר צו קענען א שידוך טון מיט איר אין דער היים האָט זי ניט געהאָפט, ווייל שרהקע איז געווען א בעל־מום: איין האַנט איז בא איר געווען אויס־געטרוקנט און די פינגער זיינען געווען קליינע ווי בא א חיהלע און אז עמיצער האָט דערזען דאס דאָזיקע מין הענטל, האָט אים אָנגעהויבן צו גרוילן. האָט מען איר געזאגט, אז אין ארגענטינע פעלן מיידלאך און מ'פארטאכלעוועט דאָרט אלע פארלייגערטע סחורה'ס. א מאַמע, וואס ווייסט זי? האָט זי פארקויפט איר ירושה, אף וועלכער עס האָבן געהאָרע־וועט אפשר פינף דורות און איז געפאָרן קיין ארגענטינע.

שוין אפן שיף האָט זיך א בחור צוגערוקט צו שרה'קען און די מאַמע אירע האָט געהאָפט, אז אָט אָט וועט מען ברעכן טעלער, נאָר ווען דער בחור האָט נאָך עטלעכע טעג פאדיען ארום שרה'קען, באמערקט איר הענ־טל, איז ער אויסגעוועזן די צייט. און די זעלביקע מעשה האָט זיך דער־נאָך געטראָפן א סך מאָל שוין, ווען זיי זיינען געווען אין ארגענטינע. די מאַמע איז געווארן אלט, צעבראכן און שרהקע האָט אויך אנגעהויבן פאר־לירן דאָס לעצטע ביסל קאליר. זייענדיק א דינסט, פלעג זיך אָפטמאָל דער באלעבאס צו איר טשעפען, נאָר דערזעענדיק דאס הענטל, פלעג ער אנט־לויפן. און די באלעבאסטע אפילו פלעג זיך אויך מיאוסן פון איר און זי אָפּ־זאגן. האָט זי זיך אזוי אלע מאל געשלעפט פון שטעלע צו שטעלע.

פאר חיימען האָט זיך שרהקע מער געשראָקן ווי אַלע מיידלאָך און ווייבלאָך פון הויף. אז חיים איז געשטאַנען באם טירל און, זי האָט געדארפט אוועקגיין אין גאס, איז זי ניט געגאנגען. און אז חיים האָט זי אַמאָל אָנגעקוקט מיטן גאנצן בלוט דורך זיינע קאַליע אויגן, האָט זי אָנגעהויבן אזוי איינלייגן די וועלט, גלייך א גיפטיקע שלאַנג וואלט איר נאָכגעלאָפן. חיימס מאַמע האָט אזש אנגעהויבן שרייען:

— נישט אויפעסן די מציאה... מיטן דארן הענטל... ער האָט גאָר מורא פאר איר...

און די אַלטע אַלמנה האָט געזאָגט צו איר, צו שרה'קען:

— אומזיסט געשריגן, טאכטערשע. ער קוקט, קוקט מען אויך. ניט אזוי די מעשה... אפשר גאר א זיווג.

די מאַמעס האָבן זיך גאָר גיך צוזאַמענגערעדט. נאָר שרהקע האָט א שטיק צייט געהאַלטן אין איין וויינען; אָבער — זי האָט געוויינט און פּאַוואָלינקע זיך איינגעוואוינט צו אים און אנגעהויבן אַנטדעקן אין אים א ים מיט מעלות; ער איז געטריי ווי א הונט און איז אָנגעלייענט אויך; דערצו האָט ער גילדענע הענט; קאָן אַלצדינג פאררריכטן און צייכנען און פארבן... אז ריידן רעדט ער מיט קיינעם ניט, ארבעט ער און טראכט און טראכט און ארבעט... און חיים האָט אף זיין הייזעריקן לשון, וואָס האָט דערמאָנט אין ניט שיינעם, שפּייענדיקן טויט, דערציילט זיין מאַמען אירע מעלות; און ביידע מאַמעס זיינען געוועזן שטארק צופרידן, האָבן געדאַנקט און געלויבט גאָט ברוך הוא און האָבן ביידע געשיינט מיט די אויסגעלאָשענע אויגן:

— וואָס דען?.. א מענטש, א מאַנספּאַרשוין, ניט א ווייב, קיינער ווערט ניט געבוירן אָן א זיווג...

# א געוויין לייזט אויס א געוויין

דעם זכר פון
מיין טאַטן אברהם;
דעם געבוירן ווערן פון
מיין זונדעלע אברהמ'עלע.

שפּיצבערג האָט קיינמאָל ניט געטראכט וועגן זיך, מאלע וועגן וואָס א מענטש האָט צו טראכטן. טעכטער האָט די ערד אן א שיעור און ווילדע און שיינע און רייצנדיקע און ס'בלוט צינדען זיי אן. און ביכער האָט די וועלט אויך א סך און זיי זיינען פונקט אזוי ווי די פרויען: שיין און רייצנדיק און ווילד און בלוט אָנצינדעריש און פאַלש. און אידעאלן האָט די וועלט אויך אָן א שיעור און אביסל זיינען זיי ענלעך צו די פרויען און די ביכער. איז שפּיצבערג געשפּרונגען פון פרוי צו פרוי, פון בוך צו בוך און פון אידעאל צו אידעאל. און אמאל, אז ער האָט אין א באנאכט געקאָנט אויסלייטערן דעם מוח און טראכטן, האָט ער געטראַכט וועגן די פרויען, ביכער און אידעאלן, ניט וועגן זיך. וואס איז ער דען געווען? בעסער ווי תמיד האָט ער געטראַכט אין די באנאכטן, ווען ער איז געבליבן אליין און געהאַט ווייטעקן. אָך, ווייטעקן האָט ער געהאַט זייער אָפט. ער האָט אַליין געזאָגט אַף זיך: „איך לעב ווי א שמעטערלינג און אַז ס'ציט מיך א ליכטל, פאַל איך צו. אָבער — א שמעטערלינג ווערט פארברענט און איך ברי זיך נאך אפּ און לייד ווייטעקן". ווייל ליידן ליידט מען ווייטעקן פון אלצדינג: פון פרויען, ביכער אידעאלן. אלע האָבן פייער און אלע בריען.

איינמאל האָט זיך שפּיצבערג שיעור ניט פארטראַכט וועגן זיך אליין; דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען זיין פאָטער איז געשטארבן. נאך ווען ער איז געווען א קליין אינגל פלעג אים כסדר שרעקן איין געדאנק: „וואס וועל איך טון, אז מיין טאטע וועט שטארבן?" ער פלעג זען מענטשן און אינגלעך אפילו, וואס האָבן געהאַט געשטארבענע טאטעס און וואס האָבן געלאכט און ער איז געווען אין כעס און ער האָט זיך ניט געגלויבט, אז ער וועט אויך קאנען לאכן. און די קאטאסטראפע איז געקומען שפּעט, ווען ער איז געווען א מענטש פון עטלעכע און צוואנציק יאָר און קלוג איז זי געקומען: דער פאטער איז קראנק געווארן אַף אן אומהיילבארע קראנקייט און דער דאָקטאָר, וואָס האָט געקענט זיין עמפינדלעכקייט, האָט

אים געזאגט, אז ער וועט זיך אָפּמוטשען א יאר און וועט שטארבן. דעם דאָקטערס ווערטער האָבן אים ווי צעשטאָכן, ער האָט אָבער ניט פארלוירן די האפנונג און צוזאַמען מיט דעם זיך ארײַנגעלאָזט אין טויט־געדאַנק ארײַן, און ער האָט זיך שוין געשראָקן א סאך מער פאר דעם, אז ער וועט ניט זען דעם פאָטער בשעת ער וועט שטארבן, ער וועט אנקומען שפּעט, ווען ער וועט שוין זײַן פארשיט. עמיצער אנדערש וועט אים באגראבן... און ס'איז אזוי געווען. עטלעכע שעה נאָך דער לוויה איז ער אָנגעקומען. דעם פאָטערס פּנים האָט ער שוין אייביק ניט געקאָנט זען. וואָכנלאַנג איז דער ווייטעק געווען א שטילער: ער האָט זיך פּשוט ניט געגלויבט, אז ער איז גע־שטארבן. ער האָט אים אדער געזען א לעבעדיקן, אדער ס'האָט אים גע־בריט א האָפנונג, אז ער וועט אים נאָך אמאָל זען, אָדער — ער האָט אפי־לו געקלערט צו תחית המתים און צו יענער וועלט. און ערשט א סאך וואָכן נאָכן טויט, ווען ער האָט שוין דעם פאָטער לאנג ניט געזען אף דער וואָך און אין חלום אויך שוין ניט געקאנט זען, ערשט דעמאלט האָט ער אנ־געהויבן פילן א שנײַדנדיקן ווייטעק, גלײַך מ'וואלט מיט א זעג אים גע־שניטן דאס הארץ... פלעג ער ליגן וואכנלאנג נאכט אף נאכט און פילן ווייטעק. אין די באטאגן איז ער געווען א מענטש מיט מענטשן גלײַך און אין די באנאכטן איז ער געווען ווי א פארוואונדעטע חיה. און כאטש ער האָט זיך געפילט א הילפלאָזער אָנ'ם פאָטער, ווען דער פאָטער האָט געלעבט, האָט ער זיך אין דער שווערסטער צײַט געטרייסט דערמיט, וואס ער וועט אנשרײַבן צום טאטן און דער טאטע וועט אים העלפן, כאטש געשריבן האָט ער קיינמאל ניט, האָט ער אליין ניט געטראכט וועגן זיך און האָט נאר געקלערט וועגן דער וועלט, וואָס האָט ארײַנגערוקט דעם מענ־טשן צווישן אזוי פיל פּייערן — ווייטעק פון עלטערנס טויט, שרעק פארן אייגענעם טויט — און טרײַבט אים גלײַך אין די פּייערן ארײַן. צו וואס האָט דער טאטע אים געדארפט געבוירן און שטארבן און ניט אליין לעבן ווייטער? און אליין האָט ער זיך ווייטער אזוי געלעבט צווישן אבסטראק־טע געדאנקען און גארניט געטראכט וועגן זיך.

ער האָט קיינמאָל ניט געקלערט וועגן דעם, אז ער דארף פּרנסה און פּרנסה קריגט מען דורכדעם, וואס מ'נארט אביסל זיך אָפּ און אביסל יענעם אָפּ. ער איז געשפּרונגען פון אידעאל צו אידעאל און פון פּארטיי צו פּארטיי, פּונקט ווי א בין שפּרינגט פון רויז צו רויז. און מ'האָט אים אומעטום אויפגעהערט גלויבן. ר'האָט ניט געוואוסט, וואס הייסט באַ־האלטן דעם אמת. און כאָטש דער פאָטער האָט אים יאָרנלאַנג געבוירט א ווערטל אין קאָפּ ארײַן: א קלוגער ווייסט וואס ער זאגט און א נאר זאגט וואס ער ווייסט, האָט ער כסדר ווי א נאר געזאגט, וואס ער האָט

געוואוסט. האָט מען אים אומעטום פיינט געהאַט און אומעטום האָט מען פאַר אים מורא געהאַט. זייענדיק א זשורנאַליסט האָט ער געשריבן אַלצ־דינג, וואָס ער האָט געוואוסט און געזען און ער האָט צומאָל זאַכן געוויזן אַזוי נאַקעט און מיאוס, אַז ס'האָט געגרוילט. און האָט אים עמיצער גע־זאָגט עפּעס, האָט דאָס געמעגט זיין דאָס אינטימסטע שבאינטימסטע, האָט ער דאָס געקאַנט אַף מאָרגן אַנשרייבן און אַז דער דאַזיקער, וואָס האָט אים דאָס דערציילט, האָט צו אים געטענה'ט: „אָבער איך האָב דאָס ד'אַך דערציילט דיר אַליין, ניט דער עפנטלעכקייט", האָט ער געענטפערט: „אַ מענטש האָט ניט קיין צווייערליי אמתן, נאָר איין אמת"... האָט מען אַף אים געקוקט ווי אַף אַ ווילדער בריאה און מ'האָט מיט אים מורא גע־האַט צו ריידן און אין דעם לאַגער וואו ער איז געווען, איז ער תּמיד געווען ווי דער מאַקאַר פון דער רוסישער לעגענדע, אַף וועמענס קאָפּ עס זיינען געפאַלן אַלע צרות. אים האָט מען פיינט געהאַט פאַרן גאַנצן לאַגער.

און פּונקט ווי אַ ווילדער מענטש קאָן לאַנג אַף איין פּלאַץ ניט בלייבן, ווייל ער עסט אויף אַלצדינג און פאַרזייען פאַרזייט ער ניט, פּונקט אַזוי האָט שפּיצבערג זיך לאַנג אַף אַ פּלאַץ ניט געפונען און איז געפאַרן פון לאַנד צו לאַנד און מדינה צו מדינה...

דעם סוד פון לעבן האָט נאָך קיינער ניט אַנטפּלעקט, דעם סוד פון ליבע — אויך ניט. קיינער ווייסט נאָך עד היום פאַר וואָס ציט דעם מאַן צו דער פרוי ניט און צו דער אַנדערער יאָ און פאַרקערט. און קיינער האָט אפילו ניט אַנטפּלעקט דעם סוד פון חתונה: פאַר וואָס שפּרינגט אַ מאַן אַרום אַזוי פיל פּרויען און האָט ניט חתונה און פּלוצעם האָט ער אומגע־ריכט פאַר איינער יאָ חתונה. און ניט אַנטפּלעקנדיק דעם סוד פון חתונה, האָט שפּיצבערג חתונה געהאַט און פּונקט ווי אַלע ניט געוואוסט, צי ער האָט גוט געטון, צי שלעכט געטון, ווייל דער סוד פון גוטס און שלעכטס האָט אויך נאָך קיינער ניט אַנטפּלעקט.

און ליגנדיק אין די באַנאַכטן, הערנדיק דעם ווילדן געוויין פון זיין שוואַנגערער פרוי, האָט ער געפילט אַ מאָדנע ווייטעק, ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס די מעדיצין האָט ביז איצט ניט געפונען קיין מיטל שוואַנגערע פרויען זאָלן ניט ליידן אַזאַ ווייטעק. צו אַלדי גוטע יאַר, האָט ער גע־שריגן, האָבן די דאָקטוירים זייערע שוואַנגערע פרויען ניט אַריינגעוויינט אין די הערצער אַריין?.. נאָר צוזאַמען מיטן ווייטעק, האָט ער געפילט ווי עס גיסט זיך אים אין בלוט אַריין אַ געזאַנג און מאַכט אים קלאָר דעם זין פון לעבן. און ער האָט געפילט, אַז דאָס איצטיקע געוויין פון דער פרוי פאַרשטאָפּט אים זיין געוויין נאָך זיין טאַטן... און ער האָט גענומען טראַכטן וועגן זיך און ר'איז געוואָרן אַ טייל פון דער וועלט.

# ביידע האָבן געלאַכט

חתונה געהאַט האָבן זיי דורך א שדכן, אָבער זיי האָבן זיך שטאַרק ליב געהאַט; ער, איציק, איז געווען א בחור א שוסטער, א געזונטער אַרבע־טער, וואָס האָט זיך אַליין געמאַכט כסדר די בעסטע לאַקירטע שטיוול און האָט שטענדיק געקענט פריי רעדן מיט א מענטשן, זאָגן א חכמה און אפילו א לידל זינגען, נאָר אַריינגיין צו דבורה די אלמנה, וואָס מ'האָט גערופן די לעפּטשיכע און איר זאָגן: גיט מיר אייער טאָכטער עטיע פאַר א ווייב, האָט ער זיך געשעמט, כאָטש מיט עטיען אַליין האָט ער שוין געהאַט אָפּגערעדט. איז ער געגאַנגען און גענומען א שדכן און אים צוגעשיקט צו איר.

געלעבט האָבן זיי, איציק מיט עטיען, ווי אַנדערע צוויי. אז ביידע זיינען געווען געזונטע און פרישע, זי אביסל א ווייכע, א קיילעכיקע א יאָ־דערדיקע מיט גאָלדפאַרביקע האָר און פּרייזלעכע, בלויע אויגן און ער אַן עקיכיקער, א שטייפער מיט שאַרפע, שוואַרצע האָר און שפּריצנדיקע שוואַר־צע אויגן. אז זיי האָבן זיך אַרומגענומען האָט געקנאַקט מיט א געזונטקייט און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אז עמיצער זינגט. די קעפּ זיינען ביי ביידע געווען פרייע, האָבן זיי געקענט שעהן לאַנג זיצן און טוען אַן אַרבעט און ריידן גלאַט אזוי, וואָס ס'איז אַף דער צונג געקומען. און אז זיי האָבן זיך ביידע אינאיינעם צעזונגען, איז פאַר אַנדערע אויסגעקומען גלייך ער קריכט אין קעלער אַריין און זי אַפּן בוידעם, אָדער פאַרקערט. זיי אַליין האָבן זיך אָבער געפילט גוט דערפון און ווייטער געזונגען, אז זיי האָבן זיך אזש אַליין פאַרטויבט.

און זינגנדיק אזוי איז געבוירן געוואָרן באַ זיי א מיידעלע, פריער א ווייגענדיקע און דערנאָך אויך א זינגנדיקע. און עטיע איז פון געבוירן גע־וואָרן נאָך יאָדערדיקער און בליענדיקער און ס'האָט זיך געדוכט ז'איז א זיסע פרוכט, וואָס דאַרף נאָך און נאָך וואַקסן...

און אפילו, ווען ס'האָט זיך געמאַכט א צייט, אז ער, איציק, האָט קיין אַרבעט ניט געפונען און זי, עטיע, וואָס האָט געוואָלט אפילו וואַשן פרעמ־דע וועש, האָט אויך קיין אַרבעט ניט געפונען און ביידע האָבן געדאַרפט הונגערן, האָבנדיק שוין דערביי פאַר א שותף דאָס טעכטערל היה'לע, האָבן זיי נאָך אַלץ געשיינט מיט די פּנימער און אַרומגענומען זיך אזוי, אז עס האָט געקנאַקט און עס האָט זיך געדוכט, אז עמיצער זינגט...

אַרעמקייט אָבער, אז סע פאַרלייגט זיך, נעמט דאָס צו דאָס געזאַנג און ס'מאַכט סוף כל סוף גרין און נאַס די פּנימער און דאַר די גופים און

ווײנענדיק די מײלער. און דאָס ארימקייט האָט זיך פארלייגט אף איציקן מיט עטיען, אז ס'האָט זײ געמאכט פאר לעבעדיקע מתים. בא זיך אינע־ווייניק האָט זיך עטיע געקלערט, אז דאס איז חיהלע געבוירן געווארן אין אזא מזל, נאָר זי האָט דאס מורא געהאט צו זאָגן. און איציקן איז נמאס געווארן דאס שטיקל שטוב און ס'איז אים נמאס געווארן צו קוקן ווי אזוי די גאלדענע עטיע זיינע ווערט וואס א מאָל גרינער און ער פלעגט אוועק־גיין גאנץ פרי און אהיימקומען שפעט באנאכט. שטיינער טראגן האָט ער געוואלט און ס'איז ניט געווען. האָט ער כאטש ניט געוואלט זען ווי אזוי עטיע און חיהלע שטארבן...

נאָר ווען ס'האָט זיך שוין גענויטיקט בא זיי דאָס לעצטע ביסל כוח אויסלאָזן, האָט פלוצעם איציק געטראפן עטיען שפעט באנאכט א וואכנדי־קע און זי האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אז זי האָט געקריגן אביסל פרנסה, קוים קוים. זי האָט אים דערמאָנט א בן עיר, געצל שיקע סענדערס, וואס איז נאָך צען יאר צוריק געווען א משוגענער אַלטער בחור. דעם דאַ־זיקן געצל האָט עטיע היינט באגעגנט, ער איז דא א גאנצער קנאקער, בא דרייפוסן ארבעט ער. און א ווארט איבער א ווארט, געצל האָט זיך אָנגע־דונגען אף קעסט און קווארטיר און עס וועט שוין זיין אביסל פרנסה. ביידע האָבן שיעור ניט געטאנצט, ארײננעמענדיק די קליינע חיה אין דער מיט.

יענעם אין דער פרי איז שוין איציק ניט אוועקגעגאנגען. ער האָט פון גאנץ פרי געשארפט די מעסערס, גלייך ווי ער וואלט גענויטיקט שוין צע־שניידן אן אקס און א גאנצע טאג האָט מען זיך שוין ארומגענומען און די ציינער האָבן געקנאקט און געזונגען. און די ארבעט וואס עטיע האָט גע־דארפט טון אין שטוב, האָט איציק געטון נאך מער פון איר און ס'איז אוועק ווידער אמאל א לעבן, ווי בא אנדערע צוויי.

אָבער דאָס פארזיסטע לעבן האָט אנגעהויבן ביטער ווערן. עטיע האָט אנגעהויבן דערציילן איציקן, אז געצל שטייט אלץ צו צו איר און טשעפעט זיך. איציק האָט דאָס געוואלט אָפקומען מיט א חכמה, וואס פאר א מאן טשעפעט זיך ניט? ער אליין, ווען ער וואוינט בא אזא ווייבל ווי זי, וואלט ער זיך אויך געטשעפעט. און ער האָט איר געעצהט, אז זי זאל אים אָפשטויסן. אביסל האָט דאס הארץ יא געטיאכקעט און ער איז כמעט כסדר געבליבן אין דער היים, זיך ניט אוועקגערירט... האָט זי אים איינמאָל געזאגט, עטיע, אז געצל האָט איר געסטראשעט, אז אויב זי וועט זיך ניט לאָזן, וועט ער זיך ארויסציען... איציקן האָט דאס אויפגעקאכט, אז ער האָט גע־זאגט, אז ער וועט אים ארויסווארפן אף דריי שפענדלעך, נאָר ביז באנאכט איז ער קילער געווארן. ער האָט זיך דערמאנט וויפיל צייט ער האָט גע־הונגערט און ווי אזוי עטיע האָט דעמאלט אויסגעזען און ווי אַזוי היה'לע...

און געצל ברענגט אריין אין שטוב אריין כל טוב — האָט ער איר געהייסן זי זאָל אים אַלץ פאררייַדן די צַיין, — האָט ער איר איינמאָל אין א טאָג געזאגט, אז אויב מארגן ניט, ציט ער זיך ארויס... און זי האָט דאס דער־ציילט איציקן. און איציק איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפן. אין דער פרי האָט ער זיך געבייזערט און געוויינט און דערנאך דערמאנענדיג זיך אין הונגער, א מאַך געטון מיט דער האַנט און איז אוועק. געצל איז נאך געווען אין שטוב...

ווען איציק איז געקומען פארנאכט, האָט ער געטראפן עטיען מיט פארוויינטע אויגן. ער האָט זי געפרעגט: „שוין"? און זי האָט א וויינענ־דיקן שאָקל געטון מיטן קאָפּ אַף יאָ. ס'האָט אים א בראָט געטון באַם הארצן און ער האָט זיך ארויפגעווארפן אַף איר מיט ביידע קולאקעס. ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער זי געשלאָגן, דאס צעריסענע קלייד איר צעפּיצלט, די הויט איר אָפּגעשיילט און סיניאקעס געמאכט. זי האָט ווי הנאה געהאַט פון די קלעפּ און כליפּענדיק געזאגט: „אזוי, אזוי"...

נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעוואָיעט ווי א הונט אפשר צוויי שעה, האָט זי זיך פּלוצעם צעלאכט און קוים ארויסגערעדט: „אז סך הכל איז ער גאָר ניט קיין מאַן, דער משוגענער געצל, גאָר ניט..." און זי האָט ניט אויפ־געהערט לאכן מיטן וויינענדיקן קול, — און ער, איציק האָט אויך אנגע־הויבן לאכן מיט אן אראפּגעלאזטן קאָפּ. און ביידע האבן געלאכט לאנג... און ס'האָט זיך געדוכט, אז דלות טרייסט זיך מיט חלשות־טראָפּן...

# דער מענטש, וואָס טינקט איין זיין ווייטיק אין זיין בלוט

די חברים זיינע שמייכלען פון אים, דעם שלימאזעלניק גרישע, און זאגן: צוואנציק יאר האלט ער זיך אין איין נעמען דאס לעבן און ער וועט אזוי לעבן ביז הונדערט און צוואנציק יאָר. אלע וועט ער איבערלעבן.

נאָר אז ס'מאכט זיך אמאָל, אז א פרעמדער רירט זיך צו צו אים און גרישע באקומט צו אים צוטרוי און דערציילט אים זיינע ווייטיקן, ניט מיט די שווער זיך רירנדיקע גראָבע ליפּן, נאָר מיט די אויפריכטיקע בלויע, טאמעוואטע אויסגערשטארצענע אויגן, שפרינגט ער דער פרעמדער, אָפּ פון גרישען אַן אָפּגעבריטער און עס שטעכט אים שוין כסדר אין מח: פון וואנען נעמט זיך צו א מענטשן אזוי פיל כוח אריבערצוטראגן אזוי פיל ווייטעק און פון וואנען נעמט זיך צו א מענטשן אזוי פיל בלוט צו באנעצן און איינווייקן די ווייטיקן, זיי מאכן אזוי שווער, אז זיין גאנצער גוף זאל זיך ברעכן אונטער זיי?...

און אז דער דאזיקער פרעמדער לאָזט זיך דעם אייגענעם געדאנק טיפער צעשטעכן, שכלט ער אויס, אז די ווייטאקן טראכט זיך גרישע אליין אויס, מאכט זיי שפיציק און גאליק און ווייקט זיי דערנאָך אין אייגענעם בלוט.

ער, גרישע, האָט א ווייב, איז זי א לייכטע, א שפּילעוודיקע, האָט אַ שמייכל פאַר יעדן און יעדער שמייכל צעשטעכט אים דאס הארץ און מאכט אים בלוטיקע רעדער פאר די אויגן און ס'טאנצן פאר אים בילדער, וואס רייסן אים דאס לייב און די נשמה ווי מיט אייזערנע קעמלעך און זי, דאס ווייב, האָט ניט מער ווי א שמייכל געטון.

און אמאָל מאכט זיך, אז דאָס ווייב זיינס, וואָס הייסט מאניע און איז דער סאמע היפוך פון אים — ער איז בלאָנד ווי א חלום און זי איז שווארץ ווי אן אויסגעברענטער פלאָם — גיט זיך פלוצעם אזוי אַ זאָג אז יענע חבר'טע אירע גייט כסדר אויסגעפּוצט און פּאָרט כסדר אין אוי־טאָס... און זי גייט תמיד מיטן קבצנישן טראמוויי, אדער זי גייט צו פוס, גייט שוין גרישע ארום א צעדרייטער מיט דער גאנצער וועלט אף די פּליי־צעס, האלט איין באק אין דער ערד, די צווייטע אפן הימל, אין די אינע־ווייניקסטן איז ער אנגעפילט מיט נערוון וואס שטעכן אים און ער זאגט זיך, אז ער איז דער גרעסטער שלימאזעלניק אין דער וועלט און ער האָט נאָר איין אויסוועג: זיך נעמען דאָס לעבן.

און די צאָל פון אירע שמייכלען וואַקסט און די צאָל פון אירע טע־נות אויך און זיי ווערן וואָס אַמאָל רויטער און זויגן אים אויס דאָס גאַנצע בלוט און ליגן זיך אים אַף די פּלייצעס און וואַשען אים אַראָפּ און ער ליגט אונטער אַ דערשטיקענדיקער משא און ער ליידט און היילט זיך מיט איין געדאַנק: זיך נעמען דאָס לעבן. און דעם דאָזיקן געדאַנק זאָגט ער כסדר זיינע אייגענע און חברים און די דאָזיקע זאָגן צו אים כסדר: צו וואָס דאַרפסטו זיך נעמען דאָס לעבן גרישע? מאַניע גייט איצט מיט איקסן און שמייכלט צו אים, גייט מען צו און מ׳שטערט אים און מ׳כאַפּט אויך אַן עק פון אַ שמייכל.

און קיינער גלויבט ניט זיינע רייד. און אַז אַ חבר הערט זיך שוין יאָ צו צו עפּעס, גיט ער אַף אים אַ געשריי: האָסטו געהערט אַזוינס, אַ מענש האָט איבערגעלאָזט די גאַנצע וועלט, האָט זיך אַריינגענומען אַ רויטע אייפּערזוכט אין בוזעם און אַ שוואַרצע איינבילדונג אין מוח און וואָלט געוואָלט, אַז די וועלט זאָל צוליב דעם אויפהערן.

נאָר אַ ס׳קומט צו אַ ווילד פרעמדער און גרישע לאָזט זיך צו אים צו אַ פּאַרטרויעטער און דערציילט אים מער מיט שטום־לשון און אויגן־לשון, ווי מיט ווערטער, שפּרינגט דער פרעמדער אָפּ אַן אָפּגעבריטער און אין מוח שטעכט אים.

# די ערשטע טאָרמענטאַ

די טאָרמענטע האָט זיך פּלוצלינג איבערגעהאַקט, אָבער איר געבריל איז נאָך געבליבן אין די אויערן און געשניטן דאָרטן אין פלייש ווי מיט א זעג.

ריווע האָט זיך באלד ווי ס׳איז נאָר שטיל געוואָרן, דערמאַנט און מיט געוואַלט זיך ארויסגעריסן פון לערנערס אָרעמס, אויסשרייענדיק צו אים מיט א קוויטש, פון וועלכן זי איז הייזעריק געוואָרן: „גיי אַרויס!"

דער קליינער, רויטלעכער, שעמעוודיקער שוסטער לערנער, וואס האָט שוין געהאַט אַ „לבנה" אין מיטן קאָפּ און גערדיכטע העלע בלאָנדע וואָנצעס, האָט זיך ווי א הינטל ארויסגערוקט. ריווע איז געבליבן אליין, אַפּן בלעכענעם דאַך האָבן נאָך רעגנטראָפּנס געקלאַפּט, און פון יעדן קלאַפּ האָט די בלייכע ריווע, מיט דער גרינער מיידלישער פארעלטערטקייט אַפּן צאַרטן און צעקנייטשטן פּנים, היסטעריש אויפגעציטערט... זי האָט אנגעשטרענגט אלע נערוון זיך צו באַהערשן. פריער האָט זי געקלערט מיט שרעק: „וואס וואָלט געווען, ווען די טאָרמענטאָ זאָל חלילה געווען דויערן לענגער?"

זי איז ערשט דעם צענטן טאָג געווען אין ארגענטינע, און דאָס איז געווען דער ערשטער טאָרמענטאָ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט. ער האָט זי פארכאַפּט באַם אָפענעם פענצטער, האָט זי אָנגעזען א צעשפּאָלטענעם הימל, וואס איז אלע מאָל דורכגעשאָסן געוואָרן פון א נייעם בליץ, די דונערן האָבן גלייך ווי געקלאַפּט איר אַפּן קאָפּ און דער רעגן האָט אַזוי בייז און מיט אזוינע גרויסע טראָפּנס געשמיסן, אז ס׳האָט זיך איר געדוכט, אז אָט אָט וועט איר צימער פארפּלייצט ווערן. זי האָט געפּרוּווט פארמאכן דאָס פענצטער און ניט געקענט, דער שטורם האָט דאָס בא איר אויסגעכאַפּט און דערלאַנגט אזא טראַך אין וואַנט אריין, אז די צוויי לאנגע שויבן זיינען אַף פּיצלעך צעשמעטערט געוואָרן און איר צעבלוטיקט די פינגער. און פּלוצלינג איז לערנער אריינגעקומען. ריווע, א פארלאָרענע און צעטומלטע, האָט זיך צו אים צוגעטוליעט. די טאָרמענטא איז אלץ שטאַרקער געוואָרן און איר שרעק — גרעסער, האָט זי זיך געטוליעט. און ער האָט אויפגעשיינט.

זיין גאנצע מענערישקייט האָט זי געפּילט און געפילט, ווי ער ווערט שטארקער אלץ און זי שוואכער. אינגאנצן א צעפּיבערטע, האָט זי נאָך געקענט א געדאנק כאפּן: „א מאן מוז שטארק ווערן צו נעמען א פרוי, און א פרוי שוואַך ווערן, בכדי זיך איבערגעבן א מאַן...“ ווען ער איז שוין גע־ווען אין דרויסן האָט זי נאָך כסדר געטראכט מיט שרעק: „וואס וואלט געווען, ווען די טאָרמענטע געדויערט נאָך?...“ פּאַוואָלי האָט זיך צו איר דער אָטעם אינגאנצן צוריקגעקערט: „גוט, וואס די טארמענטא האָט אזוי גיך אויפגעהערט...“

ריווע איז א מאָל געווען א גימנאזיסטקע, נאָר פארבלאָנדזשענדיק אין געהיימע ארבעטער־קרייזלעך, האָט זי איבערגעלאָזט די גימנאזיע מיט די עלטערן און געוואָרן א נייטארקע און א פארטיי טוערקע.

אין א קרייזל האָט זי זיך באקענט מיט לערנערן, וועלכער איז געווען א גאנצער פירער. ער איז איר געווען קאַמיש מיט זיין שלעכטן רוסיש רע־דן, מיט זיין שטענדיקן שעמען זיך און מיט זיין אָפּשפּרינגען ווי אן אפּגע־בריטער, בשעת ער האָט זיך אומגערן צוגערירט צו איר. זי האָבן שוין גימנאזיסטן געהאַט אזוי פריי געאַרמט און געקושט. און דאָך איז איר גע־פעלן זיין דרייען זיך ארום איר. אפילו זיין ריח פון סמאָלע און לעדער און זיינע שווארצע, גראבע ריבאייזנדיקע הענט זיינען איר געפעלן. זי האָט מיט ווייטיק געחלומט פון א גלעט מיט די דאזיקע גראבע הענט...און אזוי איז זי געוואָרן א כלה פאר אים. א מאדנע כלה... ער האָט זי אפילו איינ־מאָל ניט געקושט. אפילו באַם געזעגענען זיך, ווען ער האָט געמוזט אוועק, האָט ער זי רעכט ניט געקושט.

דערנאָך האָט זי באקומען א בריוו פון אים אזש פון ארגענטינע. קיינמאָל האָט ער פון קיין ליבע ניט געשריבן, אָבער ס'זיינען דאָך געווען אזוי פיל הילפלאָזע געפילן אין די בריוו, אז זי האָט זיך געשראָקן... אריבער זעקס יאָר האָבן זיך אזוי געצויגן. זי האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט צו זיך, געדאַרט... די מיידלשע פארעלטערטקייט האָט זיך מיט אזא גרינקייט איר צעגאסן איבערן פנים, אז זי האָט זיך אליין אנגעהויבן פיינט האָבן מיט דער זעלבער שנאה, וואס זי האָט פיינט געהאַט אלע אלטע מוידן... „פרייע געדאנקען און קנעכטישע מורא“ — האָט זי זיך כסדר געמוסערט און גע־דאַרט...

נאָך זעקס יאָר האָט זי פון לערנערן באקומען א שיפסקארטע און זי האָט זיך א פוילע, א גלייכגילטיקע געלאָזט אין וועג אריין. אין פּאריז האָט זיך אין איר עפּעס אנגעצונדן. אפילו דאס גרינקייט האָט זיך פון איר אפּגע־טון. זי האָט געטראָפן דארט א מחנה באקענטע אינגלעך און מיידלעך. אלע אזוינע אויפגעשיינטע, לעבעדיקע, פּונקט ווי די שטאָט אליין, וואס האָט

תמיד געשיינט און געלאכט אפילו אונטערן גרעסטן רעגן. איננאנצן פֿאַריזער זיינען זיי געווארן, — אין די גאסן, אין די קאפע־הייזער האבן זיי זיך געקושט... כמעט קיין איין חברטע איז קיין עלענטע ניט געווען, יעדע האָט געהאַט א חבר, פריי געגאנגען צו אים אין צימער... ס׳האָט איר פארדראסן און זי האָט מקנא געווען. זי האָט זיי אפילו געוואלט נאכטון... זי האָט זיך אויך צוגעקלעפּט צו אַ אינגל, צו אים געגאנגען. איינמאָל געבליבן מיט אים א גאנצע נאכט — און גאר ניט... ער האָט זי אפּגעשטויסן עפּעס אזוי גראב; זי האָט אזש געמוזט זיך דרייען, בייז ווערן למאי ער באַליידיקט זי, וויל זי פארגוואלטיקן... זי איז ניט קיין פּאריזערן, האָט זי אים געזאגט. און ער האָט ווי אַן אָקס געשאָקלט מיטן קאָפּ: טאקע דערפאר וואס זי איז ניט קיין פאריזערן. וויל ער ניט... ער האָט זי פארטאג אהיים געפירט. דאס גרינקייט האָט זיך איר ווידער אויפן פּנים צעגאסן און די לאַכנדיקע שטאָט האָט איר אינדערפרי אויסגעוויזן ווי א ליץ, וואס מאכט חוזק. „פּאריז אויך ניט" — האָט זי געהאלטן אין איין עקבערן די גאנצע צייט אַפן שיף... „פּאריז אויך ניט"...

איז איר קיינער ניט געבליבן חוץ לערנער. און לערנער אליין וואָס האָט דערוואַרט די שיף, האָט אויך דעם „קיינער נישט" נישט פארמינערט. דער זעלבער לערנער מיט די זעלבע וואנצעס, מיט דעם זעלבן ריח פון סמאלע און לעדער , וואס איז איר איצט אויך געפעלן, שענער געקליידעט און דאך עפּעס אזא פרעמדקייט...

צען טעג האָט זי זיך מיט אים געמוטשעט. זי האָט זיך ניט געקענט צורירן צו אים. יעדער בחור, מיט וועלכן ער האָט באַקענט, איז איר מער געפעלן, אפילו דער „טונקלער באסיאַק", א בחור וואס האָט געהאלטן דעם קאָפּ אַף א זייט און איז אויסגעווען די גאַנצע וועלט, אננעמענדיק פון אומעטום א ביסל קוויטיקייט אַף זיך, איז איר מער געפעלן. זי איז געווען גרייט יעדן זיך איבערצוגעבן, אבי ניט לערנערן. גאנצע טעג איז ער ניט געווען אין דער היים, געארבעט. די אוונטן האָט זי פארבראכט אין געזעלשאפט צוזאמען מיט אים, נאר די נעכט זיינען געווען גרוילנדיק.

א פּאר מאָל איז זי געגאנגען שלאפן צו א שיפסשוועסטער. די איבעריקע נעכט האָט זי אים געהייסן זיך לייגן באזונדער, אַף דעם דיוואַן, און ער איז געבליבן דער זעלבער שעמעוודיקער, געפאלגט... זי האָט גערעדט א סך צו אים, אים פאררעדט, פאראינטערעסירט, און ער, א מידער, פלעג פּאוואלי איינשלאפן. נאר פונם שלאָף פלעגט ער וויינען. און אפשר איז דאָס ניט געווען פון שלאָף? ער איז פאר די צען טעג אזוי בלייך און אזוי פארענדערט געווארן. קיין מוט אים צו זאגן, אז ער זאל איר זוכן א באזונדער צימער, האָט זי ניט געהאַט...

ריווע האָט אָנגעצויגן דאס היטעלע. די טארמענטא וואס איז גע־וווען פאר איר א טאפּלטער שטורעם, האָט איר געגעבן מוט צו באַשליסן זיך. זי איז ארויסגעגאנגען פון צימער. אין דער פינצטערער „פּאַטיע״ 1) האָט זי זיך אנגעטראָפן מיט לערנערן. מיט א וויינענדיק קול האָט ער זי געפרעגט:

— וואוהין איז?

— צו מרימען.

— ווער איז מרים?

— מיין שיפסשוועסטער, דאס ברוינע מיידל.

— וואס־זשע אזוי שפּעט?

— כ׳דארף.

— מ׳וועט דיך דאך... ס׳איז דאך שוין נאָך איינס א זייגער, א פרוי קען דאָ ניט גיין אליין.

— קענסט נאָכגיין.

— לערנער איז מיט איר מיטגעגאנגען. אין די נאסע שטיינער האָבן זיך די לאמטערנס אפּגעשפּיגלט און די גאסן האָבן פארוויינטע געשיינט. ביידע זיינען געגאנגען מיט אראפּגעלאזטע קעפּ און געשוויגן אזוי שווער, גלייך דאס שווייגן וואלט אן אומגעהויערע ארבעט געווען.

מרים האָט געוואוינט אין א „קאָנוועטיזשע״ 2) וואס האָט אלס ארייננגאנג א ליקל אָן א טירל. מ׳האָט תמיד געקענט ארייננגיין. לערנער איז געבליבן אין דרויסן און ריווע איז ארייננגעגאנגען. איינגאנצן פאר־געסן אין איר מורא האָט זי, און איז שנעל איבערגעלאָפן דעם אומ־ריינעם און שלעכט געפלאסטערטן הויף. מרים איז געשלאָפן מיט נאָך א מיידל, ריווע האָט ביידע אף טויט איבערגעשראָקן און האָט מרימען אוועקגעשלעפּט א פארשלאָפענע, א קוים אנגעטוענע.

מרים האָט גאר ניט געפרעגט. א ביסל האָט זי געוואוסט און א ביסל האָט זי פארשטאנען פון א קוק. שטומערהייט זיינען אלע דריי אהיימגע־גאנגען.

לערנער איז געבליבן אין דער „פּאַטיע״, און ריווע מיט מרימען זיי־נען אריין אין צימער. ביידע מיידלעך האָבן גאָר ניט גערעדט, שווייגנ־דיקערהייט זיך אנגעקוקט. ריווע האָט א פּאר מאָל געזאגט גלאט אזוי, אז זי האָט זיך דערשראָקן פארן שטורעם און דערפאר איז זי געגאנגען נאָך איר, נאָך מרימען... ווייטער האָט זי גערעדט גלאָט אַזוי בכדי ניט צו

1) הויפל.

2) א הויף אין וועלכן ס׳וואוינען א סאך שכנים.

דארפֿן ריידן עפּעס אנדערש... נאָר בארואיקט איז זי שוין געווען. זי איז גיך איינגעשלאָפֿן. מרים איז געבליבן א צערודערטע, זי האָט געוואלט וויסן מער וויפֿל זי האָט געוואוסט... קערפּערלעך איז זי אויך געווען צערייצט: זי איז ערשט אלט געווען אכצן יאר און איר געדאנק האָט זיך תמיד גע־דרייט ארום מענער. יעדער קוק פֿון א מאן האָט זי דורכגעברענט, איר פּנים האָט אינגאנצן אויסגעזען ווי איבערגעברענטע קאווע און איז געווען פֿול מיט פּרישטשעס. אין דער פֿאנטאזיע האָט זי געזען א סצענע צווישן ריווען און לערנערן — און ס'האָט זי גערייצט...

מרים האָט זיך אנגעטון און איז ארויס צו לערנערן אין הויפֿל אריין. זי האָט געטראכט: אפשר וועט ער איר דערציילן... זי האָט שוין געפֿילט א וויטעקלעכן־טעם. און זי האָט דערביי געטראכט, אז אפשר וועט לער־נער... און לערנער האָט זי שטארק אנגעקוקט און זיך צעוויינט. גע־וואָלט זאָגן: „איך זע, אז זי האָט מיך ניט ליב" — נאר געזאגט האָט ער קוים: „וואס טוט מען? — און האָט ווייטער געוויינט. מרימען איז אומהיימלעך געווארן און זי איז אריין צוריק אין צימער, זיך אריינ־געווארפֿן אין בעט אריין, זיך צענויפֿגעקנוילט, אריינגערוקט דעם קאָפּ אין ריוועס קערפּער אריין און זיך שטיל צעוויינט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגן איז לערנער אוועקגעפֿארן און איבערגעלאָזט דאס צי־מער פֿאר ריוועןו און מרימען. ער האָט געוואלט עפּעס זאגן באם געזעגענען זיך, נאָר קוים א שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

לכתחילה איז ריווע געווען אינגאנצן רואיק, אפילו אויפֿגעמונטערט. נאָר אין א שעה ארום איז זי ווידער געווארן אזוי גרין און אזוי היסטעריש ווי תמיד. עסן פֿרישטיק איז זי געגאנגען מיט מרימען צום טיש אזא גרינע ווי תמיד, און ווען מרים האָט קוקנדיק אויפֿן טעלער, וואס איז קוים גע־ווען פֿארפֿלעקט מיט פּוטער, געזאָגט: „איך וועל אריבערגיין קויפֿן פּו־טער" — האָט ריווע מיט אלטמוידישער קמצנות געזאגט: — „מ'דארף ניט מרימל, מ'דארף ניט... ס'איז דא גענוג".

באנאכט איז ווידער געווען א טאָרמענטא, נאָר מרים האָט שוין דער־פֿילט פֿון פֿריער און פֿארמאכט דאָס פֿענצטער מיט די לאָדן. דאס דונערן און דער ווינט האָבן די שטוב געטרייסלט און ביידע „גרינע" מיידלעך האָבן זיך אָנגעטוענע איינגעניורעט אין בעט און געציטערט. און שפּעטער, ווען ס'איז שטילער געווארן, האָט ריווע זיך צוגעפּרעסט מיטן גאנצן הארטן, ביינערדיקן קערפּער צו מרימען, זיך צעוויינט און געכליפּעט מיט א פֿול מויל:

— כ'האָב זיך אזוי דערשראקן פֿאר דער ערשטער טאָרמענטא... — איצטער וועל איך שוין פֿארבלייבן אזוי ביזן גרויען צאפּ...

# אויסגעהאַלטנקייט

דער קליינינטשקער חיימל האט איננאנצן אפגעלאזט די פיס, זיי זאלן זיך פּלאָנטערן אין זאמד, וואס באם ברעג פון פּאראנאַ, וואו ער האָט שפּאַצירט און מיט די אויגן האט ער שוין אין ערגעץ ניט געקוקט; ניט אפן טייך מיט זיינע שטילע ברייטע כוואליעס און גרינע פרוכטבארע ברעגעס, ניט אפן אלטן קאַנאָן, וואס איז דארט געליגן—א טראָפּעי פון א מלחמה— ניט אפן גרויסן, ברייטן פעטער פּעדראָ, וואס האָט אים פּלוצעם אזוי פריטש־מעליעט, ניט אפן גאסט אף זיינעם, דעם דיכטער ו ו י ל ד ע ר, וואס איז געקומען אין קולטור צענטער אריין האלטן א קאנפערענץ, און ער האט אים איצטער געפירט ווייזן דעם טייך פון שטעטל. ער האט די אויגן איננאנצן פארזשמורעט און געוואלט עפּעס באהאלטן אין זיך אריין אינעווייניק און האָט זיך געקאָרטשעט, גלייך ער וואלט געפילט עפּעס א פיזישן ווייטעק, כאטש דער פעטער פּעדרא האט דאך אים דערלאנגט ניט מיט קיין שטעקן, נאר מיט א ווארט.

אזא טבע האט ער געהאט דער פעטער פּעדרא, וואס איז ניט געווען חיימלס פעטער, נאר זיין ווייבס, קלאראס, פעטער: ער פלעגט אויפהויבן א ווארט און דערמיט דערלאנגן גלייך אין קאָפּ אריין, ווי א מערדער מיט א האַק. חיימל פלעגט דערביי זיך קלערן, אז ער האט זיך אין בעסאראַביש דארף אויסגעלערנט גייסטיק אזוי האַנדלען, ווי די מאלדאוואנעס פּיזיש. די מאלדאוואנעס פלעגן אויפהויבן א האַק און גלייך דערלאנגען אין קאָפּ פון א לעבעדיקן מענטשן, פּונקט ווי א העקער אין טויטן קאָפּ פון א בהמה און דער פעטער פּעדראָ האקט מיט ווערטער.

צווישן חיימלען און פעטער פּעדראָ איז געווען אן אייביקער געראַנגל; חיימל איז געווען אן אנארכיסט און דער פעטער פּעדרא איז געווען א איד, וואס האט ליב געהאט א דאוון צו טון פארן עמוד און זיין פּרעזידענט פון א תלמוד תורה. געגלויבט האָט אויך דער פעטער פּעדרא אין גארניט, אבער ווייל קינדוויז האט ער געלערנט אין א חדר און פון די נייע זאכן,

חוץ שלום עליכמס א מעשה, האט ער שוין קיין כוח ניט געהאט איינצו־בייסן מיטן מוח, האט ער זיך געפילט בעסער צווישן ארגענטינער תלמוד־תורה אידן, וואו ער איז געווען א גאנצער יא־טעבע־דאם, ווי צווישן די אנארכיסטן, וואו ער איז געווען א פיפטע ראד אין וואגן. „איי אמת? — פלעג ער א זאג טון און דערביי א שיין טון מיטן גרויסן, פעטן און לוי־טערן פנים. קיין אמת איז ערגעץ ניטא, סיידן אפן בית עולם, המאי האָב איך זיך שוין דריי מאל שיר ניט געֹגט מיט מיין פלוניתטע און איך וויים, אז קיין גליקלעך פּאָר פּאָלק איז אַף דער וועלט ניטאָ און פונדעסטוועגן זוך איך א חתן שוין פאר מיין פיפטער טאָכטער?.. גליקלעך קאן א מענטש זיין, אז ער גייט היינט מיט דער פרוי, מארגן מיט יענער... ווען ער לאזט אַף דאס הארץ ס'זאל גיין, וואוהין ס'ציט דאס... איז דאס ראשית עפעס מעשה בהמה, והשנית: וואס וועט מען טון מיט די ווייבער? זיי קאן מען דאך ניט לאָזן פריי אפן קאמפּ: גיי טשעפּע היינט דאָ א גרעזל און מאָרגן דארט, זיי בארעדט מען דאך"... און חיימל, פארקערט, האט געלעבט נאר מיטן אמת. אסאך מאל זיך געמאכט אַף חוזק, געלאזט, אז יעדער זאל א רויע טון אין זיין נשמה און כסדר געבליבן „אויסגעהאלטן". אז ער האט נאך געוואוינט אין דער גרויסער שטאט, איז נאך געווען א האל־בע צרה מיטן אויסגעהאלטנקייט: ער האָט זיך געדרייט צווישן ראדיקאַ־לע קרייזן און זיך געלעבט פריי. אפילו ניט געוואוסט ווען ראש השנה איז. אבער אין שטעטל, וואו דער אידישער ישוב איז געווען א קליינער, דארטן האָט אים דאָס אויסגעהאלטנקייט געמאַטערט, אז די געהירן האבן אזש געשוויצט. ער איז געווען א קליינטשיקער, מיט א רויטלעך קיילע־כיקן פּנים און אזא לאכנדיק קנייטש אַף דעם דאזיקן פּנים, אז ס'איז גע־ווארן גוט פון אים. דערצו איז ער נאך געווארן א שטיק נגיד — די גע־שעפטן פון זיין קלייטל זיינען אוועק גוט — און געקענט האט ער אידיש פון חדר און פון דער ביבליאָטעק און שפּאניש אויך און אלצדינג האָט זיך בא אים צענויפגעגאסן און איז געווארן איינס פאר זיין אידעאל פון: „יעדער מענטש זאל זיין א מענטש, וועט אלע זיין גוט". האבן עטלעכע אידן פון ארום — קלייטניקעס, וואס האָבן געהאלטן זיך אין ארויפארבעטן, קוענטעניקעס 1) און ארבעטערס וואס האָבן געארבעט בא „שווארצע די־מענטן" זיך צוגעקלעפּט צו אים און זיך געהאלטן אן אים. און ער האָט זיי געדינט ווי א טאטע. ער האט א ביבליאטעקל ארגאניזירט, געמאכט א שטיקל אידישע שול, וואן ער האט אליין געלערנט אידיש מיט די קינ־דערלאך דריי מאל אין דער וואך, אַף דער נאכט און אפילו א ביינקל פאר

1) גאסן־הענדלער, וואס געבן סחורה אַף אויסצאלן.

קלײנעם קרעדיט ארגאניזירט. און כאטש זײ האבן אלע געלײענט ערדעל־שטאַטן און געזונגען מיט װילדער התלהבות באָװשאָװערס „ליד פון דער דומהײט״ און פלעגן זיך כסדר ארומקריגן מיט דעם אנדערן צד פון שטע־טל: מיט דעם „נאַציאָנאַליסטישן״, פּונדעסטװעגן, אז ס׳איז געקומען ימים נוראים, האבן זײ געװאלט א שטיקל שול, איבערהויפּט די װײבער.

און חײמל האט געמוזט פּארקוקן און זײ לאזן ארײנשטעלן א ספר תורה אין קולטור צענטער ארײן... ער איז אפילו א פּאר מאל ארײן א קוק טון אהין, א רעד צו טון מיט עמיצן... און װען זײ האבן שמחת תורה געמאכט א סעודה און דערנאך געגאנגען צו הקפות און געטאנצט, האט אים א צי געטון. ניט צו דער תורה, דעם דאזיקן קניפּ האט ער שױן לאנג איבערגעביסן, און ער האט די רעליגיעזע געפילן אױסגעריסן, װי אן אקס גראז פון די פעלדער, נאר צו דער פרײד, צום טאנץ האט אים געצױגן.

װען קאן דאס א אידישער יונגערמאן, װאס װאױנט פארװארפן אין א קלײן ארגענטינער שטעטל כאפּן אזא פרײלעכן טאנץ?... האט ער געטאנצט — אין א זײט, װײטער פון דער תורה, גאר װײט פון דער תורה און דאך געפילט, אז ס׳איז עפּעס ניט אױסגעהאלטן. ער האט שפּעטער זיך אלײן ארײנגערעדט: מיר זײנען שולדיק. פאר װאס האבן מיר ניט געשאפן קײן נײע מענטשלעכע, ניט אידישע און ניט רעליגיעזע שמחות?..

און ער האָט אָנגעהױבן מאכן אלע מאָל א קאָנפערענץ און נאָך דער קאנפערענץ א באל. באם אנהױב האט מען געטאנצט הײמיש, אזױ װי שמחת תורה, שפּעטער אבער האבן די קינדער ארײנגעבראכט די שימים און די טאנגאס און ס׳זײנען געקומען שקצים און קאמפּאדרעס 1) און ס׳איז געװארן ניט דאס... „דאס לעבן אפּנים געהער אדער צו די פּרו־מאַקעס אדער צו די גאַסניונגען״...

אין פּערזענלעכן און אין משפּחה־לעבן האט אים זײן אױסגעהאל־טנקײט ניט װײניקער געפּלאגט און געמאטערט. מיט זײן װײב, מיט דער געזונטער, פלײשיקער און גוטע קלארא, האט ער זיך באקענט בא איר פּעטער פּעדרא. זי איז טאקע בא פּעדראן דערצױגן געװארן און כאטשע דאן פּעדרא האט זי געהאלטן פאר א טאכטער, האט ער ניט אײנמאל געקוקט מיט יצר הרע אױף איר פּשוטער און שײנער מײדלשער רײפקײט. און װען חײמל האט זיך אנגעהױבן שארן צו איר, האט ער צו אים געזאגט: „דו װעסט זײן א גוטער מאן! הלװאי האב איך אזעלכע מאַנען פאר מײנע טעכטער. דו געהערסט צו די דאָזיקע מענער, װאָס דײנקן ניט מיטן בלוט, נאר מיטן מוח. אז קלארא װעט א קוק טון אף

1) אַרגענטינער דענדים.

א פרעמדן מאַן, וועסטו ניט גרייט זיין זי צו האַרגענען. וועסט איר מוחל זיין ערגערע זאכן. דו ביסט געשניטן פון דער זעלבער מאַטעריע, וואס יעזוס. דו ביסט מוחל. און א פרוי דאַרף האָבן א מאַן, וואס איז אייביק מוחל, ווייל א פרוי זינדיקט אייביק...“

חיימל האט שוין דעמאָלט דערפילט, אז דער פעטער פעדרא רעדט ניט, נאָר ער נעמט שטיינער און וואַרפט זיי אין מוח אריין. און די „שטיי־נער“ האבן אנגעהויבן ווערן שפּיציקער. ער האט אים געקאנט א זאג טון: דיך וועט קלארא זייער ליב האבן, אבער נאר מיטן מוח, זי וועט סוף כל סוף אנטלויפן פון דיר צו דעם דאזיקן, וואס וועט איר רודערן דאס בלוט, צו א שייגעץ, צום וויזשילאַנט פון דער עסקינע...2) בא דיר וועט איר בלוט פארגליווערט ווערן.

חיימל האט אזוי לאנג גע'טענה'ט מיטן פעטער, וואס איז „הוילע אידישקייט“ און „הוילע ליגן“ און הייסט פעדרא, בעת ער איז סאמע ניט אידישקייט, אדער סאמע אמת און הייסט חיימל, ביז וואנען די „שטיי־נער־ווערטער“, וואס פעטער פעדרא האט געוואָרפן, זיינען אים נמאס געווארן און ער פלעגט אים אויסמיידן. נאר קלאראס האנט האט ער גע־מוזט בעטן בא פעדראן, דערצו האט זיך נאך אנגעהויבן א געשיכטע ווע־גן יאָ חתונה, ניט חתונה, חיימל האָט ניט געוואלט חתונה האבן באם רב און ניט „ארויסגענומען קיין ביכל“ און דער פעטער פעדרא האט אויסגענוצט זיין גאנץ שפּיצעכדיקייט און שארפקייט, נאר ס'האט ניט געהאלפן. חיימל האט ניט געוואלט, דערצו האט קלארא געזאגט, אז זי גלויבט חיימען.

געענדיקט האָט זיך מיט דעם, אז דער פעטער האָט מסכים געווען, נאר א „שטיין“ האט ער געוואָרפן. ער האט צו אים געזאגט:

— הער נאָך אויס, מיין טייערער פּיפּערנאָטער, דו ווייסט דאָך, אז איך בין אויך ניט קיין פרומער, נאָר חתונה דארף מען האבן פאר א מענ־טשן, פּונקט ווי א שטריק פאר א קו, זי זאל ניט אנטלויפן. צו דיר דארף מען ניט קיין חתונה, דו ביסט פרומער פון די פרומע. איך בין מער אנאר־כיסט פון דיר, מיך ציט היינט צו דער ווייב, מאָרגן צו דער אנדערער. אָבער דו ביסט סוף כל סוף א כשר לעמאלע און דו וועסט לעבן דיין לעבן, ווי גאָט האָט געבאָטן אָן חתונה אויך“...

חיימל האָט זיך אָנגעהויבן פילן פיינלעך מיט זיין גרויסן פעטער און ער איז אוועק מיט זיין קלארען פון דער שטאָט אין א שטעטל אריין. און דאָס גוטע צוזאמענלעבן האָט אפן לויטערן הימל כסדר געהאט כמארע־לעך. קלארא האט ניט אויפגעהערט חלומען, אז חיימל וועט מיט איר

---

2) פּאָליציאַנט פון ראַנג.

נאך א מאל שטעלן א חופה. און דערצו זיינען נאך אנגעקומען בריוו פון זיין מאמען, עמיצן האט זיך געגלוסט איר אוועקשרייבן, אז ער וואוינט מיט א ווייב ניט חתונה געהאט. און די מאַמע האָט געוויינט אין די בריוו, מאמעס פארוויינען קינדער די קעפּ ניט נאר אין דער היים, זיי פארוויי־נען אזש ביז קיין ארגענטינע... און חיימל האט זי אפילו ניט געוואלט אָפּנארן. ס'איז ניט געווען צום פועלן, אז ער זאָל איר שרייבן אז ער האָט יאָ חתונה געהאט...

און ווען קלאַרא האָט אים געשענקט א אינגל, האָט ער זיך געפילט גליקלעך, וואס דער פעטער פעדרא איז ניט געווען נעבן אים און ער האט גרינג אפּגעפּאטערט קלאראן מיט אירע טענות צו מאכן א ברית. עפּעס א פוסטקייט איז געווען בא אים אין דער נשמה. ס'הארץ האט אים גע־צאפּלט פאר פרייד און גליק פון דעם, וואס ער איז געווארן טאטע און קיין שמחה האט ער ניט געקאנט מאכן. גיי מאך א שמחה אן א ברית... איז ער געזעסן די גאנצע צייט נעבן קלאראן און האט זי געקושט און געגלעט און באהאלטן זיין סוד. ניט אויפריכטיק געשוויגן.

און ווען חיימלס זון, שטירנעל, איז אויסגעוואקסן, האָט ער פון זיין טאַטנס „אויסגעהאלטנקייט“ געהאַט א סאך ערגערנישן. גיט נאָר די אידישע קינדערלאך האבן זיך געטשעפּעט צו אים, אז ער איז א גוי נאר די קריאזשע קינדער האבן אים געשריגן אז ער איז אי א „רוסא“, אי ניט קיין „רוסא“, א מויל ווי בא א רוסא און... נאר קלארא האט אויסגע־לערנט שטירנערלן, אז ער זאָל דאס פארן פאטער ניט דערציילן. זי האט געפילט, אז דאס וועט אים מער וויי טון, ווי אלצדינג.

און פלוצעם האט זיך געמאכט, אז דער פעטער פעדרא איז געקו־מען, פונקט ווען ס'איז געקומען דער דיכטער ווילדער צו האלטן א קאנפערענץ אין קולטור צענטער. חיימל האט זיי ביידע גערופן זונטיק אין דערפרי צו מאכן א שפּאציר צום פּאראנא. און גראד האט דער דיכ־טער ווילדער געהאלטן ערב חתונה האבן און דער גאנצער שמועס האָט זיך געדרייט ארום דער סביבה, וואס צווינגט צו פעלשן מיט דער נשמה און זיין ניט אויסגעהאלטן, בכדי ניט צו פארשאפן עמיצן אנדערש קיין ווייטיק, און דאס לעבן שטייט דערפאר אף איין ארט און קאוועט זיך צום עבר, און חיימל האט זיך געהאלטן בא זיינעם: ער לעבט אויסגעהאל־האלטן און פארשאפט קיינעם ניט קיין ווייטיק. אפילו זיין אלטע מאמע האט שלום געמאכט מיט זיינע געדאנקען: מ'דארף נאר האבן גדולד און געבן צו פארשטיין. א מענטש איז בכוח אלצדינק צו פארשטיין. און דא האט דער פעטער פעדרא א שיין געטון מיטן גרויסן פעטן און שיינעם פנים און א געשריי געטון:

— וואס דערציילסטו מיר, אז דו פארשאפסט קיינעם ניט קיין ווײ־טיק, אז איך האב אליין געהערט, ווי דיין שטירנערל האט זיך געקלאגט אף דיר, פאר וואס דו האסט אים ניט מל'ע געווען...

חיימל האט אן ענטפער געטון: „פאר מיר קלאגט ער זיך ניט".

„אט דאס איז דאך אינגאנצן, וואס דיר מוז מען זאגן ליגן — האט דער פעטער פעדרא אויסגעשריגן — די מאמע האט געשריגן, אבער א קינד מוז ליידן און שווייגן. ס'וועט עלטער ווערן וועט דאס ערשט שרייען"...

חיימל האט נאך געפרואווט אפענטפערן:

„די ברירה איז נאך תמיד בא אים". אבער ער האט געפילט גלייך הייס בלוט וואלט געריזלט איבער זיין מוח און ווערט פארקילט... דער פעטער פעדרא האט איצט זיינע ווערטער געווארפן ניט ווי שטיינער, נאר ער האט דערלאנגט מיט זיי, פונקט ווי א מאלדאוואן פלעג דערלאנ־גן מיט א האק אין קאפ אריין... און ער האט אפגעלאזט די פיס זיי זאלן זיך פלאנטערן אין זאמד און מיט די אויגן האט ער שוין אין ערגעץ ניט געקוקט. ער האט זיי געזשמורעט און געוואלט עפעס באהאלטן אין זיך און האט זיך געקארטשעט ממש פון פיזישן ווייטיק. דעם ווייטיק פון איבערדרייסן מיטן עבר האט ער דאך געהאט, אים חיימלען און זיין מא־מען האט דאך ווײ געטון, פאר וואס זשע ליידט נאך זיין זון?... פאר וואס קומט נאך דער מת צו חלום און שטשירעט מיט די ציין און מאכט חוזק?..

און ער האט געפילט ווי זיין גאנצער בנין, דער בנין פון זיין אויס־געהאלטנקייט, וואס ער האט אזוי פאוואלי אויפגעבויעט מיט מוח און מיטן הארצן, קערט זיך איבער, פאלט...

# ריװע

אף צוציען א מײדל האט ער פארמאגט: א לידל בשעת דעם נײען, מעשהס װעגן גרױסע שטעט און נסיעות אף באנען, אײנהאלטן פון עטלעכע פיעסען, װאס ער האט אלײן געזען אין טעאטער און אפשר טאקע דאס, װאס ער איז געװען א שנײדער און געהאט פלינקע װײכע שנײדערעשע באװעגונגען. אבער אזױ האט ער דוכט זיך ניט געקאנט געפעלן קײן מײדל; ער איז געװען א חתונה געהאטער, געהאט פיר קינדער, געװען ניט קײן שײנער און דערצו האט ער געהאט אזא גרױסע ליסענע, אז מען האט אים גערופן ניסל פארך.

און דאך האט זיך געטראפן, אז א מײדל האט זיך אין אים פארליבט און איז אװעק דורך אים אזש ביזן בית עולם און אין די גאסן פון שטעטל האט זיך דורך דעם שיער קײן בלוט ניט געגאסן. און ניט גלאט אזױ מיר א מײדל, נאר טאקע זײן פלימענעצע ריװע — א מױד א דעמב מיט אזױ פיל בלוט און מילך און שײנקײט און הארציקײט, אז מענער האבן אף איר געקוקט מיט קנאה־בענקשאפט און זײנען דאך פרײלעך געװארן.

ריװע איז ניט געװען פון אונזער שטעטל, נאר פון א דערבײאיקס און זי איז געװען ניט ניסלס פלימעניצע, נאר זײן װײבס פלימעניצע. ניסלס װײב האט געהאט א שװעסטער אין דערבײאיקן שטעטל, װאס האט אויך געהאט א מאן א שנײדער, אבער װאס האט ניט געהאט קײן פרנסה, האט די שװעסטער געשיקט איר טאכטער צו דער מומען. ס'הײסט: זי האט געמײנט, אז זי שיקט זי צו דער מומען, ארײנגעפאלן איז זי גאר צום פעטער...

זי איז אנגעקומען אין שטעטל ארײן די שײנע ריװע, פונקט װי ס'קומט אמאל אן א שײן לידל, אדער א שײנער ניגון: זיך צעטראגן איבער אלע עקן מיט א קלאנג. אבער חוץ קלאנג איז אויך געװען אן אױסזען, װאס האט געבלענדעט און א ריח, װאס האט געשיכורט.

די שנײדערס, די שוסטערס, די גאלאנטערײטשיקעס און די פא־

ריקמאכערס זיינען געווען אפן זיבעטן הימל פון איר: צוליב איר האבן בחורים געהאלטן אין איין מאכן נייע קאסטיומען, נייע שיך, קויפן נייע שניפּסן, זיך ראזירן און מאכן די האר מיט ארעקאלאָן און פיקסאפאן.

נגידישע בחורים האבן איבער איר געכאפּט קלעפּ סיי פון די על־טערן, סיי פון די „פאלגעס". די עלטערן האָבן ניט געוואלט, אז זיי זאָלן קריכן צו עפּעס א שניידערוכע, וואס האט א שיין פנימל און די „פאלגעס" זיינען זיי באפאלן, פונקט ווי הינט, צו וועלכע עס רייסט זיך אריין א פרעמדער „ער". נאָר, אז די טאטעס פון די נגידישע זונדעלעך האָבן גע־זען ריווען, האבן זיי אויך געשאקלט מיט די קעפּ און געשמייכלט מיט די וואנצעס אין די בערד אריין און נאר די מאמעס האבן געזאגט: ווייסעך וואס, א פּאסקודסטווע...

ארעמע מאמעס האָבן זיך יא אמאָל געקאנט אנידערשטעלן ערגעץ אין א ראג און א נעם טון זיך טענהן:

— ט'איז זי שוין א קראסאוויצע און מיט אלע מעלות, איז וואס?... פארט אן ארעמע.

— טאקע כ'לעבן. די מאמע האָט זי ניט געקענט האלטן אין דער היים און זי געמוזט אוועקשיקן אין דער פרעמד, טאקע צו אן אייגענער, אָבער פארט אין דער פרעמד.

— זי ניט געקענט חתונה מאכן דער נאר, אבי מ'זאגט: א שיין פנים איז א האלבער נדן...

— בא אַן ארעמאן פעלט אָבער תמיד דער האלבער אויך. קיין רייַ־כער וועט ניט אויסכאפּן, נגידים ווילן ערשט נדן. און קיין ארעמע קענען ניט אויסכאפּן. צוויי מתים גייען ניט טאנצן. וויפל ארעמע בחורים וואלטן זי ניט וועלן נעמען. זיי וועלן אָבער בלייבן באם ווען.

— יאָ, יאָ, באם ארעמען איז אלצדינק אזוי געוועלט, אז ס'איז אזש צוגעברענט.

און ריווע האט זיך אלץ ארומגעדרייט אין שטעטל, ווי א שיינער קלינגנדיקער ניגון, ווי א גוטער ווינט, וואס ברייננגט גוטע ריחות און ווי עפּעס אזא זאך, וואס פילט אן מיט גוטסקייט און מיט אזא בענקשאפט, אז ס'ווערט אזש פרייילעך.

דאס בעסטע עפּעלע עסט אויף דער חזיר. ניסל פּארך האט זיך גענו־מען צושארן צו איר. א טויט וואלט מען זיך גיכער געקענט ריכטן אף אים. פון איר איז אפּגערעדט. און מ'האט טאקע גאָרניט געוואוסט אויך. מ'וואלט איר געווען געטרויעט צען ניסלס.

פלוצים, אזוי פון דער העלער הויט איז עס געקומען, גלייך ס'וואָלט פון א לויטערן הימל געגומען דונערן: ניסל האָט צוריקגעבראכט פון דער

שטאָט זײַן פּלימעניצע ריווע א טויט־קראַנקע מיט אַ ריבער פּערציק גראַד היץ. און אײדער מ'האָט נאָך צײַט געהאַט אומצוקוקן זיך, איז זי שוין געשטאָרבן און מ'האָט איר שוין געפֿירט צו קבר ישׂראל.

די לוויה איז געווען עטלעכע טעג פֿאַר פּסח, נאָר ס'איז נאָך געווען מוראַדיק קאַלט, שנײ האָט נאָך געטרעשטשעט אונטער די פֿיס און דער פֿראָסט האָט אַזױ געברענט, אַז קינדערלעך, וואָס זײַנען נאָכגעלאָפֿן דעם ווײנענדיקן עולם, האָבן זיך געהאַלטן בײַ די אויערן און בײַ די נעזלעך. די גרויסע האָבן אויך געפּרוּווט באַהאַלטן די נעז אין די קאָלנערס. גײענדיק האָבן אַלע געטרעדט וועגן דעם, וואָס מ'נעמט אַזאַ יונג און שײן און זינגענדיק שטיק און מ'לײגט דאָס אַרײַן אין דער ערד אַרײַן און מ'הײסט איר פֿוילן. די ערד אַלײן וועט דאָך ווײנען...

נאָר ווען מ'האָט זי מטהר געווען און דאָרטן ערגעץ האָט מען געגראָבן אַ קבר, האָט דער עולם דרײענדיק זיך אין הויף גענומען גלאַט אַזױ גריבלען אין דעם גאַנצן ענין. וווּ איז ער אַוועק געפֿאָרן מיט איר און צוליב וואָס איז ער געפֿאָרן מיט איר?.. דערווײַל האָט שוין אַ גבאיטע, וואָס האָט זיך געדרײט אַרום דער טהרה, זיך געשוואוירן, אַז זי האָט געהאַט אַ בײַכל און ווענט האָבן אויערן, געלעכערטע אויערן און אויפֿגעריסענע אויגן און אַ ווינט פֿליט פֿון שטאָט ביזן שטעטל און צוריק. און באַם אַרויפֿשיטן די לאָפּעטע, האָט מען שוין געוואוסט, אַז ניסל האָט איר געמאַכט אַ בײַכל, האָט ער זי געפֿירט אין שטאָט אַרײַן צום דאָקטער אָפּצוטרײַבן און דער דאָקטער, ברענען זאָל ער אינאײנעם מיט ניסלען, האָט איר געגעבן אַזוינע פּילן. און דער מלאך המוות קאָן זײַן גרויס ווי אַ שפּילקע קעפּל אויך און קאָן זיך באַהאַלטן אין פּילן אויך.

די גאַנצע תּוכחה האָט מען אויסגעגאָסן אָף ניסלען. לעבעדיקערהײד וואָלט מען זי פֿאַרוואָרפֿן מיט שטײנער און באַהאַנגען מיט אַ לונג און לעבער, אָבער טויטערעהײד האָט מען געזאָגט: „אַ מײדל, וואָס האָט זי נעבעך געוואוסט? אַז ער, דער פֿעטער אירער, אַזאַ אַלטער תּרח האָט געקענט זײַן אַזאַ נואף, וואָס האָט זי געוואוסט?... יונג בלוט האָט זיך אָנגעצונדן און זי האָט אַפֿילו נעבעך ניט געוואוסט. סך הכּל אַלײן אַ קינד“. און אידענעס און טאַקע אידן האָבן געוואָלט זיך גענוי פֿאָרשטעלן ווי אַזױ ס'איז געווען, אַז אַלע זײַנען געשלאָפֿן אין אײן חדר, אי דער שײנער ניסל, אי זײַן שנײדערקע, אי די קינדער אי טאַקע זי ריווע... און מ'איז געקראָכן מיטן פֿאָרשטעלן זיך אַזױ ווײַט, אַז מ'האָט שיִער ניט פֿאַרגעסן, אַז זי איז שוין טויט און מ'האָט זי טויטערהײד אָנגערופֿן מרשעת און אײניקע האָבן אַפֿילו געזאָגט, אַז אויב ס'איז יאָ אַזױ, האָט מען זי צו נאָענט געלעגט אָפֿן בית עולם, געמעגט ווײַטער אַביסל.

אָבער דאס ערלעכסטע אויסקומעניש וואלט ער געווען באקומען, דער שיינער ניסל, ווען ער זאל זיך באצייטנס ניט געווען אָפּטראגן. מען וואלט אים געווען באפאלן מיט קללות און מיט חרמות און מיט הענט און מיט קאטשערעס און לאָפּעטעס און ווער ווייס מיט וואס נאך, פונקט ווי מ׳פלעגט באפאלן א מכנים אורח אין סדום. ער איז אָבער חוץ רשע געווען א חכם אויך, איז ער אוועק. א טייל האבן אפילו געזאגט, אז מ׳האט זיך אומזיסט געטשעפעט צו אים. קאן זיין, אז ער איז שולדיק גאָט די נשמה און דעם קצב פאר פלייש. אפשר איז זי געווען א מרשעת און ווער ווייסט פון ווען ס׳איז געווען און ער האט זי, ווי א פעטער, געוואלט ראטע־ווען?.. און פון וואנען ווייסט מען אינגאנצן פון וואס ס׳איז איר געקו־מען? אז גבאיטעס דערציילן מעשה׳ס, איז ניט קיינער קיין משה מחויב אין זיי צו גלויבן.

און דאס שטעטל האט ניט געשוויגן. אוועקגעשריבן א בריוו צו דער מאמען צו אירער און די מאמע איז נעבעך געקומען. א ברירה האט זי גע־האט. איינגעשטאנען בא דער שוועסטער. שיין צו גאסט געקומען. קינ־דערלעך האבן שוין לאנג מורא געהאט דורכצוגיין ניסלס שטוב. דורך דער חורבה פון שטעטל האָט מען ניט אזוי מורא געהאט צו גיין, ווי דורך ניסלס שטוב. און פונדעסטוועגן האָט מען מורא האָבנדיק, געהאלטן אין איין לויפן צו דער דאָזיקער שטוב א קוק צו טון ווי אזוי ריוועס מאָמע זעט אויס. און ריוועס מאמע לעבעדיקערהייט האָט אויסגעזען א סך ערגער, ווי ריווע אליין טויטערהייד און זי האָט געהאלטן אין איין חלשן...

און דאס שטעטל האָט זיך דאביוועט דאס, וואס ס׳האָט געוואלט: מ׳האָט ריווען געפּאלמעסט. שבועות־צייט איז דאס געווען. פונקט ווי קאלט ס׳איז געווען צו דער לוויה, פונקט אזוי ווארעם איז געווען צום פּאלמעסן. קינדערלעך זיינען ארומגעלאָפן פרייע, שיינענדיקע. פון דער גובערניע זיינען געקומען דאקטוירים און פּאליצי און נאכגעלאָפן איז מען זיי נאך מער ווי נאך דער לוויה. ריווע איז שוין געווען פארפוילט, אָבער מ׳האָט דערקענט, אז זי איז געווען טראגנדיק. מ׳האָט אפילו געזאגט, אז מ׳האָט דאָס קינד ארויסגענומען, ווייל ס׳וואלט אין עטלעכע חדשים ארום געבוירן געווארן. דאָס פּאלמעסן האָט געלאָזט נענוג מעשהס, אז קינדער זאלן זיך קענען שרעקן פון זיי און טאקע חלשן אויך.

און כאָטש ס׳האָט שוין כמעט יעדער געגלויבט אז געשטאָרבן איז זי פון דעם וואס זי האָט זיך געוואלט אפּטרייבן און אז דער טאַטע איז טאַ־קע ניט קיין אנדערער, ווי דער שיינער פעטער אירער, פונדעסטוועגן האָט מען געקנייטשט מיט די פּלייצעס און געטענהט: בע, מע... לעבעדיק וועט

זי דערפֿון ניט װערן און ניסלס װײַב און קינדער אַף ברױט װעלן אױך ניט האָבן דערפֿון.

ניסל איז ניט אַף אײביק אַרײַן װי אין ים אַרײַן. פֿאַרט אַ טאַטע און טאַקע אַ מאַן, האָט ער געלאָזט פֿון זיך װיסן, אַז ער איז ערגעץ אין אַמע־ריקע, צי אַרגענטינע. און זיך געלאָזט װיסן אַפֿילו מיט אַ קלונג. און כאָטש ריװע איז געװען אַ פּלימעניצע, איז ער אָבער געװען אַ מאַן און אַ טאַטע... און װען ער האָט געשיקט שיפֿסקאַרטן און געלט, זײַנען װײַב און קינדער געפֿאָרן צו אים. געפֿאָרן צו אים אינאײנעם מיט נאָך משפּחות. נאָר װען ס'איז אָראָפּגעגאַנגען אין בוענאָס אײרעס פֿון שיף און קינדער האָבן אים דערזען, האָבן זײ גענומען שרײַען און קװיטשען, אַז ס'איז אַ קאַלטער גרױל געפֿאַלן. אָבער נאָר די פֿרעמדע קינ־דער פֿון שטעטל, זײַנע אײגענע קינדער זײַנען געפֿאַלן אים צו האַלדז און געקושט װי אַ טאַטן. און דאָס װײַב האָט אים אױך געקושט און אױך גע־װײנט. און קושנדיק און װײנענדיק אַזױ, האָבן זײ אַרײַנגעבראַכט אַ סוד אין דער נײַער הײם אַרײַן, װאָוהין זײ זײַנען געקומען, אַ סוד, װאָס האָט אַנגעװײעט מיט קאַלטער שרעק. און כאָטש זײ האָבן אים געבראַכט אין דער נײַער הײם, איז ער דאָך געבליבן אין דער אַלטער הײם, אין שטעטל. קײנער האָט זיך ניט אַרײַנגעצװיגן אין דעם הױז, װאו ניסל האָט געװאױנט און ריװע האָט פֿאַרזוכט טעם גן עדן און איז אַװעק װער װײסט, צי ניט אין גהינום אַרײַן... דער סוד איז דאָרט געבליבן און מאַמעס האָבן מיט אים געשראָקן די פֿאַנטאַזיעס פֿון זײערע יונגע טעכטער און געקילט זײער היציק בלוט. די יונגע טעכטער פֿלעגן אױסהערן און די אױערן לעפּלעך פֿלעגן פֿלאַמען. װאָס אין די קעפּ האָט זיך געטון, האָבן די גרױסע האָר פֿאַרדעקט.

און דאָ אינם נײַעם לאַנד האָט ניסלס װײַב געבענטשט דרײַ מאָל אַ טאָג גאָט, װאָס ער האָט באַשאַפֿן אַ נײַע װעלט מיט אַ גרױסן ים אין דער מיט.

# אַ כשרע אידישע טאָכטער

זי אליין, כואנא, פלעג זיך אין די שווערסטע צייטן אירע, דערמאנען אין די צייטן, ווען זי איז ארומגעלאפן א זארגלאזע איבער די זאמדיקע פעלדער פון איר טאַטן אין דער ווילדער פאַמפּע און דער פונדעקישער 1) שכן פלעג איר זאָגן, אז זי איז דאס שענסטע לאָשיקל אין דער געגנט. זי פלעג זיך דערמאנען מיט פרייד אין דעם, כאטש דעמאלט האט זיך אָנגעהויבן איר אומגליק, וואס ציט זיך און ציט זיך און האָט נאָר אַן אנהויב, קיין סוף זעט זיך נישט. דאס לעבן, פלעג זי קלערן, וועט זיך שוין אזוי אוועקציען אונטער איין דאַך מיט אָט אָט דעם פרעמדן, גראָבן מאַן, וואס גריזשעט זי און קושט זי, באפרידיקט זיך זיינע גראבע תאוות און שלאָגט זי און ווערט אזוי היה'ש אייפערזיכטיק, ווען זי גייט מיט לײדיקע הענט אנקוקן אירע צוויי קינדערלעך, קיין צען סענט אף זיסע זאכן האט זי שוין לאנג ניט...

זי פילט א מאדנע שטעכיקן תענוג אויפצומישן דאס ערשטע בלעטל און איבערגייען אזוי ווידער אמאל ס'גאנצע לעבן אירס ביז איצט און פלוצעם זיך א גליקלעכע אויסמאָלן א תהום, וואס שטייט פאר איר און בעט זי...

זי איז געווען דאס שענצטע מיידל אין דער קאָלאָניע, אלע בחורים האבן געקוקט אף איר מיט אויפגעריסענע אויגן און מיט הארצקלעם און נאר דעם גרעסטן נגיד'ס זון האָט געהאט מוט זיך צו שאדכענען צו איר. און ניט זי און ניט איר פאטער האבן זיך געאיילט: זי איז נאך געווען אזוי קינדיש און דער פאטער האט געוואוסט, אז מיט אזא סחורה איז קיין דאגה ניט. ס'איז ניט די אלטע היים, וואו א שיין מיידל איז א האלבער נדן און ביז מ'זעט דאס צווייטע העלפט קריכן די אויגן ארויס, ס'איז ארגענטינע, וואו א שיין מיידל איז צוויי נדנס. און דערצו איז איר טאטע אליין אויך ניט געווען קיין קבצן. און גוט האט זי זיך געפילט אזוי ווי

1) דאָרפישע אידן רופן דעם ארגענטינער געבוירענעם „פונדעק".

ס'פילט זיך מסתמא א יונגע געזונטע רויז, וואס וואקסט און צעוואקסט זיך ברייט און שיין. און מענטשלעכעם האט זי אויך פארמאגט אין זיך. זי האט געלייענט א סך ביכער אידישע און שפאנישע און פון אלע האט זי זיך געפילט גוט, נאר מער פון אלע זיינען איר געווען געפעלן די אידישע ביכער, וואס זיינען געווען איבערגעזעצט פון רוסיש און וואס האָבן כסדר געוועקט אין איר דאס ווייבלעכע געפיל מיט בענקשאַפט און מיט שרעק און איר דערציילט, אז באהעפטונג מיט א מאן איז אי דאס גרעסטע גליק אי דאס גרעסטע אומגליק.

און דעמאלט טאקע האט זי זיך באקענט מיט דעם דאן פעדרא, וואס האָט איר געזאגט, אז זי איז דאס שענצטע לאָשיקל אין דער געגנט. ער איז געווען א גרויסער און מיאוסער אפן אויסזען, ער האָט געהאט א הארטע פנים־הויט און א שווארצע און מיט שטיפלען. א פונדעק ווי אלע פון ארום און דאָך האָט ער זי גערייצט. ער האָט געקענט תמיד אומגעריכט צושפרינגען אפן פערד, פונקט ווי די נאכט שפרינגט צו אומגעריכט. תמיד, וויפיל מאָל זי איז געבליבן שטיין א מידע פון ארומשפרינגען גלאָט אזוי איבערן פעלד און א צעריייצטע פון עפעס א ביכל און קוקן א פארבענקטע אין דער נאכט־ווערנדיקער וועלט פון דעם גרויסן ארומ־אונארום, פלעג ער אנשפרינגען מיט זיין פערד און ברייינגען עפעס א סוד, וואס האט איר שטיל געבריט אין הארצן, געגאסן זיך אין בלוט און אין די ביינער. די אידישע בהורים האבן אזוי ניט געקאנט, פונקט ווי זיי האבן ניט געקאָנט אזוי פראָסט נעמען און באזיגן א מיידל, אזוי ווי דער דאזיקער פשוטער, האלב־ווילדער פונדעק האָט זי גענומען. זי האָט זיך גאר־ניט געווערט, ס'האט איר פונקט אזוי געצויגן צו אים, ווי אים צו איר.

און ווען נאך ניין חדשים ארום האט זי דער פאטער געבראכט א היים אן אויסגעבלייכטע פון דער נאענטער שטאט, וואוהין ער האט זי געפירט, האט מען שוין אין קאלאניע געוואוסט פון אלצדינג, האט שוין דעם נגידס זון זיך מער ניט געשאדכענט צו איר און אפילו דעם קבצנס זון אויך ניט. און צו די ליוביטעלסקע ספעקטאקלען האט מען זי שוין אויך ניט גערופן זיך באטייליקן, כאטש זי איז געווען אזא הויכע, געשטרעקטע און אין די בלויע אויגן אירע איז געווען א חיות צו קוקן און דאס פנים האט זיך געגלוסט גלעטן און א שטימע האט זי אויך געהאט, וואס האט געקאנט קלינגען ווי א זילבערן גלעקל און וויינען ווי א גילדנס. זי איז שוין געווען אין דער קאלאניע א טרייפענע און ארומשפרינגען האָט זי שוין ניט געקאָנט, זי האָט זיך קוים ארומגעשלייכט איבערן פעלד אן עלנדע און ס'האט זי געצויגן אין שטאט אריין, וואו ס'זיינען דא א סאך מענטשן און וואו — איר קינדאלע איז אויך דא. זי איז געווען

זיכער, אז אין רויש פון גאס און אין פלאפלען פון איר קינדאלע וועט זי געפונען א טרייסט. צו די עלטערן האט זי זיך שוין ניט צוגעהערט, אז מ'ווערט אליין מאמע, הערן אויף די עלטערן זיין דאס לעבן, זיי ווערן זכרונות.

ווען דער דאן פעדרא זאל געווען קומען צו איר אין שטאט אריין, וואלט זי אין זיין שוים געווען פארוויגט איר ביסל יוגנט, וואס דאס קינד האט ניט אויסגעזויגן און דאס לעבן אירס וואלט געווען אן אנדערס, איז ער אבער געבליבן דארט ערגעץ און זי האט איר יוגנט ניט געהאט וואוהין אהינצוטון. פלעג זי א סאך מאל שטייען באם טירל פון הויף, וואו זי האט געוואוינט, לאזנדיק אין צימער דאס קינד א זאטס און אן איינגעשלאפנס און זי פלעגט זיך שמעלצן מיט דער יוגנט אירער פון דער ארגענטינער היץ. עס פלעגט אזש זעצן פון איר א פארע, וואס האט היים פארשפרייט א רייצנדיקן ריח ארום, פונקט ווי אין יענע צייטן, ווען זי איז נאך געווען א לאשיקל, דאס שענסטע לאשיקל אין דער געגנט. אין די געדאנקען האט זי כמעט אויך אנגעהויבן ווערן די זעלביקע וואס דע־מאלט: ס'איז דאך גארניט געשען... דעם נגידס נאר האט זיך נאר אויפ־געהערט שדכענען צו איר, די מיידלעך האבן מורא געהאט פאר די עלטערן און זיך אויפגעהערט צו חברן מיט איר. די עלטערן אירע האבן זי ליב געהאט פונקט ווי פריער און זיי האבן זי געוואלט האלטן ווי א קינד, זי האט ניט געוואלט: זי האט דאך שוין אליין א קינד... טראכטנ־דיק אזוי האט זי געקלערט, אז דאן פעדרא וואלט שוין ניט געקאנט זאגן, אז זי איז דאס שענצטע לאשיקל, זי איז דאך שוין א שקאפע...

און א שכן האט איר רייצנדיק ריח דערפילט. אין די שפעטע הייסע באנאכטן, ווען קיין לופט מיט וואס צו אטעמען איז נאך אלץ ניטא, נאר דער קערפער איז שוין אזוי צעווארעמט, אז ער שטעלט ניט קיין ווידערשטאנד און שמעלצט זיך, אין די דאזיקע שפעט באנאכטן האט א שכן אנגעהויבן צוקומען צו איר, פונקט אזוי ווי א מאל דאן פעדרא.

פונקט... ניין, ניט אזוי. יענער פלעגט קומען אף א פערד און די ביינער האבן בא אים געזונגען. די איברים בא אים זיינען געווען פול מיט ריח פון פעלד און אין זיינע אויגן און אין זיין ריידן איז געווען דער סוד פון פעלד, דער איז געווען אנדערש. ער איז געגאנגען פשוט, ניט זינ־גנדיק, די איברים זיינען אים געווען מיד פון זוכן פרנסה און גערעדט האט ער אויך אנדערש. אבער דעמאלט, ווען די אויגן האבן אים אנגע־הויבן זיך איבערגיסן, ס'האריץ קלאפן און ער האט געוואלט זאגן גאר א סך און גארניט געקאנט זאגן און זיך נאר געדרוקט אזוי מיט מורא און שעמעוודיקייט, דעמאלט איז ער געווען פונקט ווי דאן פעדרא. זי, כואנא,

פלעג דערנאָך קלערן, אז דעמאלט זיינען אלע מענער אזוי און אז ליב האבן האָט א פרוי דעם מאַן, וואס איז נעבן איר, שענקט איר אויפמערק־זאמקייט, גלעט איר, צערטלט זי. א פרויענהארץ איז ווי א טיר, וואס ווארט, אז עמיצער זאל אנקלאפּן און אריינגיין.

...און ווען זי איז שוין דערנאָך ארומגעגאנגען אן עלענדע אין דער גאר גרויסער שטאט און האט שוין געהאט ס'צווייטע קינד, האט זי נאָך אלץ געהאט מאמענטן, ווען זי איז געווען אזוי פּשוט, אזוי רייצנדיק און אזוי אומשולדיק, ווי דעמאלט, ווען זי איז אלט געווען פופצען יאר און איז ארומגעלאפן איבער די ברייטע קאמפּן פון איר טאטן. אבער עלטערן און באקאנטע האָבן זי רק געמוסערט און געמוטשעט און אריינגערעדט און אריינגעטענהט, אז אזוי איז ניט גוט און מ'טאר ניט אזוי און וואס וועט זיין דער סוף און א סך מאל, ווען זי האט געוואלט גיין שפּאצירן אין גאס, פלעג זי זיצן אין שטוב און וויינען. די טעג האט זי געפינצטערט בא א שווערער ארבעט פאר וועלכער זי האט קוים געהאט צו האדעווען זיך און די קינדער און די נעכט פלעג זי אויסוויינען אן עלנדע.

און ווען זי האט א ניכטערע ניט געוואלט מער וויינען, האט זיך געפונען א דריטער, וואס איז געקומען צו איר מיט דעם זעלבן געזאנג און פייער אין בלוט, ווי יענע צוויי און מיט די זעלבע אריבערגעגאַסענע אויגן. אָבער — זי האט זיך שוין געמאכט אנדערש ווי יענעביידע מאָל. זי האט מער ניט געזינדיקט... זי האט געפאלגט עלטערן און מענטשן און זיך גענומען דינגען מיט דעם דריטן מאַן. האסט מיך ליב — האט זי צו אים געזאגט — האב מיט מיר חתונה און אויסגעקומען איז דאָס איר, אז די ליבע וועט צו איר איצט שוין קיינמאל ניט קומען אומגעריכט, אזוי ווי די נאכט אין פעלד, צי אפילו אין שטאָט, און ניט מיט אמאָל און מיט א שטורעם, נאר פּאַוואָלי, באטראכט און בארעכנט און ס'האט איר באַנג געטון. און א בענקנדיקע האָט זי זיך מיט אים געדונגען און געפאדערט, אז ער זאל מיט איר חתונה האבן און צוזאגן אויסהאלטן אירע צוויי קינדער און ער האט חתונה געהאט און צוגעזאגט און אויס־געקומען איז ער פאר איר ווי א באלעבאס, וועלכן מ'קאן שוין לאנג און וועלכן מ'האָט פיינט, נאר זי האט דעם דאזיקן געפיל ווייטער פון הארצן און פון זינען ניט געבראכט. איינמאָל נאָר האָט זי אים געלאזט אריבערטרעטן די ליפּן אירע. זי איז געזעסן מיט א שכנה, האט זי גע־רעדט מיט איר וועגן מענער און ארויסגעזאגט, אז ס'איז ניט גוט צו האָבן קיין אייגענעם מאַן, א מאַן דארף זיין א פרעמדער, א ווייטער, א געגארטער, וואס זאל אָנקומען ווי א סוד, ווי א געזאנג פון דער נאכט...

די שכנה האָט זיך דערשראקן פאר אירע ווערטער, האָט אויסגעשפּיגן און

איז אוועק. האט זי שוין כסדר געטוליעט אירע געפילן אין זיך אריין און זיך אליין ארייגעלאזט אין הארצן אריין: דעמאלט ווען איך האב גע־ליבט טרייף, האב איך ליב געהאט אזוי מיטן גאנצן הארצן און אזוי מיטן גאנצן אמת און איצטער, אז איך האב ליב כשר, פיל איך זיך אזא טרייפע, אזא באשפיגענע...

און דאס מיאוסקייט פון איר לעבן האט וואס א מאל מער געוואקסן. דער מאן איז איר געווארן ווי א געצוואונגענער שותף און האר. איר פלעג ער געבן א האלב פון זיין פארדינסט און די צווייטע העלפט פלעג ער פארטאכלעווען — ווער ווייסט וואו. און פאר דער העלפט, וואס ער האט איר געגעבן האט ער פארלאנגט אזוי פיל: זי האט געמוזט אויפשטיין גאנץ פרי, אים דערלאנגען קאווע מיט מילך אין בעט אריין און אים זיין אונטערטעניק ווי א דינסט.

דאס טרויעריקסטע פון איר לעבן זיינען געווען אירע צוויי קינדער, וואס זי האט געהאט אזוי פשוט, ווי א קוסט האט בלומען און וועלכע הא־בן בא אים געהייסן טרייעפענע מאמזיירים. פריער האט ער איר צוגעזאגט צו האלטן אירע קינדער און זיי אויסהאלטן און דערנאך האט ער זיי ניט געוואלט האבן בא זיך. און אז זי פלעגט אים פרעגן א וויינענדיקע: „און וואס זשע זאל איך טון מיט זיי?" פלעג ער ענטפערן פראסט און גראב: „פון מיינעטוועגן מעגסטו זיי ארויסווארפן פאר די הינט". און אליין איז ער געווען א לערער און האט אלע טאג געדארפט לערנען מיט קינדער, זיי צערטלען און צו זיי זיין גוט און זיי לערנען צו זיין גוט. איז איר נמאס געווארן דאס האבן צו טון מיט אים און די קינדער האבן איר געריסן באם הארצן: זי האט ניט געקענט ליידן ווי אזוי זיי זיינען באהאלטן אין א ווינקל און הערן ווי מ'הייסט זיי ארויסווארפן. זיי פלעגן אויסזען דע־מאלט, ווי קעלבעלעך, וואס קוקן אפן חלף... איז זי אוועק מיט זיי אין א פענסיאן שול און האט אזוי לאנג געבעטן און געוויינט פארן דירעקטאר, ביז וואנען מ'האט אירע קינדערלאך ארייגענומען; זי איז צוריקגעקומען מיט רויטע און געשוואלענע אויגן, און אן אטעמלאזע, א סאפענדיקע, האט זי אים געזאגט מיט א געמאכטן שמייכל: „כ'האב דיך שוין בא־פרייט פון די ממזרים"...

— וואו זיינען זיי? — האט ער געפרעגט

— אין שול.

— און עסן וואו וועלן זיי?

— אויך דארט.

— און שלאפן?

— אויך דארט.

— און דער דירעקטאר האט זיי אריינגענומען פאר דיין שיין פנים?

— אפשר.

— אומזיסט טוט מען ניט צוליב קיין פרוי. מסתמא האסטו...

ער האט גערעדט צו איר גראב, אזוי גראב, אז ס'האט איר פאר־קלעמט באַם האַרץ און זי האט אויפגעהערט פילן, זי איז אנידערגעפאלן... שכנות זיינען אריינגעפאלן און זי דערמונטערט און ער האט צו זיי גע־רעדט אזוי ווייך און גוט און אזוי לינגעריש: „זי האט אפגעפירט די קינ־דער אין דער שול אריין, האָט זי זיך גערגערט, וואס זיי. מוזן נעבעך בלייבן אליין“...

און ער פלעג איר נאכציילן יעדער גראשן, ווייל ער האט מורא גע־האט, אז זי פארט צו אפט צו די קינדער און ברענגט זיי מתנות. זי האט געמוזט צו זיי גיין צופוס, כאטש ס'איז געווען ווייט און קיינמאל האט זי זיי גארניט געבראכט חוץ קושן און טרערן. אהיימקומען פלעגט זי א פארכאלעשטע און זיך אנידערלייגן אין בעט אריין א האלב לעבעדיקע. און אז דער מאן אירער פלעגט אהיימקומען פלעג ער זיך גארניט קימערן וועגן איר, ער פלעג איר הייסן זיך געבן עסן, טרינקען, אדער ער פלעג זיך גאר נעמען צערטלען מיט איר און זי גראב דריקן צו זיך, ווי א זאך, וואס האט אליין קיין ווילן ניט. דער גרויל פון איר לעבן, דאס גרויזאמס־טע פאר איר איז געווען, ווען אים איז פלוצלעם אָנגעקומען די ליבע... זי איז דאָך געווען א סאך ערגער ווי שמייץ מיט א בייטש אָט אָ די דאָזיקע ליבע: ער האט דאך אזוי אף איר קיינמאל רעכט ניט געקוקט. עס זיינען געווען באנאכטן, ווען זי איז געלעגן אן עלנדע און געהאַט ארום זיך נאָר ווענט און שאָטנס און זי האט אינגאנצן ארום און ארום ניט געהאט קיין איין נאענטע נשמה, צו די קינדער האט זי דאך ניט געטארט צוקומען, פלעג זי זיך איינשטעלן דאָס לעבן, זיך אָנטון און גייען אין דעם קאפע־הויז, וואו ער קומט כסדר, פלעג ער אפילו זיך ניט אנקוקן אף איר און זי לאזן זיך ארומדרייען אליין, ניט צוקומענדיק צו איר און ניט רופנדיק זי צו זיך און אין דער היים האָט ער זי ליב געהאט...

איז איר געבליבן אין לעבן נאר דאס באגעגעניש מיט די קינדער, וואָס האָט איר פארשאפט ניט ווייניקע ווייטיק ווי תענוג און א בעט אף צו ליגן און זיך גריבלען אין דעם, וואס ס'איז געווען און אזוי מקנא זיין יענעמס שענסטן לאשיקל פון דער געגנט, וואס איז א מאל ארומגעלאפן דארט אין קאמפ פון איר טאטן און וואס איז אמאל געווען זי אליין.

די בריוו פון די עלטערן פלעגן איר שטעכן אַן א שיער. זי האָט צו די עלטערן געשריבן, אז די קינדער לערנען און זי לעבט און האָט פּרנסה, האָבן זיי צוריק געשריבן, אז זיי זיינען צופרידן, וואס ס'איז איר גוט און וואס זי איז ניט קיין ווילדע, נאר לעבט ווי א כשרע אידישע טאכטער. די בריוו פלעגן זי שטעכן, שטעכן און פלוצלעם פלעג זי זיך צעלאַכן, דערפילן נאָך אַן ערגער שטעכעניש און זיך קאַטשען פאר גע־לעכטער, אריינפאלנדיק אין א היסטעריקע.

# די לילינא

זי האָט נאָך געהייסן לילינא, כאָטש דער דאָזיקער נאָמען האָט געקלונגען אזוי פריש און יונג און דערמאנט אין א ליליע, וואס רייצט און פאר־שיכורט און זי איז געווען אלט, מיט א גרויסן שווערן בויך, וואס האָט אראָפּגעהאנגען פונקט ווי ס׳האָבן אראָפּגעהאנגען פון איר פּנים די שטשאקעס, דער גוידער און די קנייטשן און זי האָט שוין לאנג ניט גע־צויגן קיין מאן צו זיך, חוץ איר אייגענעם, אלטן מאן, דעם טונקלען „פונדק“, וואס האָט זיך געהאלטן נעבן איר, אזוי ווי א הונט האלט זיך נעבן פאדלע און וואס איז נאָך אליץ געווען פארליבט אין איר ווייסקייט און דאס דורשטיק געשעפּט.

זי האָט א סך מאל געקלערט שוין צו נעמען און איבערבייטן דעם נאָמען. נעמען אזוי פּלוצים און זיך א נאָמען געבן אַלטע, אָדער באבע, פונקט ווי זי האָט אמאל זיך א נאָמען געגעבן לילינא און אויסגעמעקט איר טאַטנס נאָמען, נאָר ס׳האַרץ האָט ניט געלאזט. זי האָט זיך דערמאנט ווי אזוי זי האָט אויסגעזוכט, ווען זי האָט זיך דעמאלט געביטן דעם נאמען און וויפיל מענער ס׳זיינען איר דעמאלט נאכגעלאפן און ווי פריילעך זי האָט דעמאלט פארבראכט די נעכט און די פארטאגן, האָט זי ניט געוואלט אפּווישן דאס אינגאנצן און זי האָט זיך ווייטער ארומגעדרייט מיט די נאָכגעהאנגענע שטשאקעס, מיט דעם אומגעלומפּערטן גוידער און מיט דעם יונגן נאמען איבער זיי און דער יונגער נאָמען האָט ווי געלאכט און חוזק געמאכט פון איר.

אין דעם קאבינעט, וואס האָט אויסגעזען ווי א קעמערל פאר ניט לעבעדיקע זאכן, איז זי אפּטמאל געזעסן צווישן די אקטן און אין דער צייט, ווען זי האָט ניט געדאַרפט זיין אף דער בינע און גערעדט צו דער יונגער אקטריסע זינגער און איר אליץ געזאגט, אז איצטער איז איר שוין ניט שלעכט, ווען ס׳איז איר געווען שלעכט, איז זי נאָך עפּעס געווען, איצטער איז זי שוין גארניט... און טרערן זיינען איר גערונען פון די אויגן, אראָפּגעשלעפּט דאס שווארצע אונטערפּירעכין און איר פארפלעקט דאס

פּנים. און די יונגע אקטריסע זינגער, וואס האָט נאך געהאַט פרישע באקן און לויטערע אויגן און האָט געקענט שיינען מיטן גאנצן פּנים און מיט די אויגן, ווי עפּעס א באשעפעניש, וואס ווייסט נאך גארניט פון דעם, וואס ס'קומט פאָר בא די דאָזיקע פארשאָלטענע מענטשן, וואס רופן זיך אַקטיאָרן און לעבן מיטן חיות פון אן אַפּלויז און א גוטוואָרט און פרנסה האָבן זיי אויך דערפון, וואס זיי געפעלן דעם עולם און דערפאר זיינען זיי תמיד גרייט איינס דאס אנדערע דורס צו זיין, אבי צו האבן אביסל מער חיות און אביסל מער געפעלן. די דאָזיקע יונגע אקטריסע, וואס האָט פון דעם אלעמען גארניט געוואוסט, האָט זיך צוגעהערט צו דער אלטער אקטריסע מיטן יונגן נאמען און איר געהאָלפן וויינען. און די לילינא האָט איר דערציילט, אז שלעכט איז איר געווען דעמאלט, ווען זי איז אינגאנצן אוועקגעגאנגען פון דער בינע, דערפאר ווייל קיין מאן קיין דירעקטאר האָט זי שוין ניט געהאַט, קיין יונגע ראלן האָט מען איר ניט געוואלט געבן און קיין אלטע האָט זי ניט געוואָלט שפּילן. די זינגער האָט דאס אביסל ניט פארשטאנען, זי אליין, וואס האָט אזוי געשיינט, האָט נאכט אַף נאכט זיך געדארפט פארשמירן און אלט מאכן דאס שיינענדיקע פּנים און זיך מאכן קנייטשן און די דירעקטארשע, וואס איז ניט געווען יונגער פון דער לילינא האָט געדארפט זיך פארשמירן אַף יונג צו מאכן דאס פּנים און אַף צו פארגלעטן די קנייטשן, אָבער געפילט אביסל האָט זי דאס, די זינ־גער, איר אליין האָט זיך אויך א סך מאָל געוואלט אזוי שטארק ארויפגייען א יונגע און א שיין אנגעטוענע אַף דער בינע, אז דאס חיות איז איר אויסגעגאנגען. און די לילינא האָט כסדר וויינענדיק דערציילט ווי אזוי זי איז אוועקגעגאנגען פון דער בינע, אבי זיך ניט אנצוטון די בושה און ניט צו דארפן שפּילן קיין אַלטע.. דעמאלט, האָט זי געזאגט, איז איר געווען שלעכט, אבער איצטער, ווען זי האָט זיך אומגעקערט צום טעאטער אַף באָבע־ראליען, איז איר שוין. אפילו ניט שלעכט אויך, איצטער איז אלצ־איינס, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעזאגט פון לעבן און זיך ארייננעלייגט אין גרוב ארייַן אַף פּאוואָלי צו שטארבן.

און אז די זינגער האָט זי געפרעגט פאר וואס זי האָט זיך אומגע־קערט, אז אַף צו לעבן האָט זי באַם מאן און די באָבעס האָט זי ניט ליב צו שפּילן, האָט זי געענטפערט, אז די בינע איז טאקע אויך פאר איר א גרוב, אבער ער איז פארט א ליכטיקער און די שטוב איז א פינצטערער גרוב. דער גוי, האָט זי געזאגט, גיט איר טאקע אַף צו עסן, אבער עס איז אזוי פינצטער און אזוי קאלט אַף דער נשמה צו זיין מיט אים און ריידן, אז ס'גלוסט זיך אנטלויפן ביז עק וועלט. ווען מ'איז יונג און מ'האָט ליב א צעהיצטע און מ'בלייבט קיינמאָל ניט אין שטוב, איז א גוי אפשר נאך

בעסער ווי א איד, א גוי האָט מער ליב, איז געטרייער און אפילו זיין אייפערזיכטיקייט, וואס שרעקט און ווארפט א שרעק, ווי א גלאנציק מעסער, אפילו די דאָזיקע אייפערזוכט איז אויך אנגענעם און מאכט, אז דאס בלוט באם הארצן זאל גוט, גוט בריען, אבער ווען מ'ווערט שוין עלטער און מ'דאַרף זיצן אין שטוב אָן אויסגעלאָשענע, דעמאלט דאַרף מען עפּעס, וואס זאל גלעטן באם הארץ און אידישע ווערטער גלעטן אזוי שטארק. „ווען ער איז א איד, האָט לילינא זיך געהיצט, וואלט איך גע־רעדט, וואלט ער גערעדט און ס'וואָלט פול געווארן די שטוב מיט היימיש־קייט, פונקט ווי ווינטער אין שטוב, ווען מ'פארמאכט ארום און ארום און מ'מאכט ליכטיק און ווארעם, אבער אזוי זיצט מען און מ'קוקט זיך אָן און מ'שווייגט... מ'מיט זיך ארויסצורייסן נאָך א וואָרט און נאָך א ווארט און ס'גייט ניט און ס'גייט ארום אין דער נשמה א קאלטער ווינט... און אין טעאטער איז פארט אנדערש: אביסל אף דער בינע און אביסל אונטער דער בינע און מ'רעדט און די ערגסטע צייט גייט אריבער און מ'דאַרף ניט זיצן און זיך אנקוקן מיט קיין קאלטע בליקן און מ'דאַרף ניט זוכן א וואָרט און ניט געפינען"...

אמאָל האט געקענט די לילינא פּלוצעם אנכאפּן די זינגער, איר ארייַ־קוקן אין די אויגן אריין און אויסשרייען: עך, ווען איך האב אזא פּנימל און אזעלכע אויגאלאך ווי דו, וואלט איך שוין געוואוסט, וואס כ'האב צו טון, כ'וואָלט געלעבט א גוטן טאָג, תמיד... דערנאָך טוט באַנק... די זינגער האט נאאיוו זי אנגעקוקט און געפרעגט: און איר האט ניט געליבט? — נאך ווי אזוי געליבט — האט געענטפערט די לילינא — נאך איידער איך האב געפילט, אז מיין ערשטער מאן וויל מיך אפנארן, האב איך אים אפגענארט. און ווען ער איז אוועק מיט אן אקטריסע, האב איך מיר אויך גענומען א יונגן באריסט. א ליאלקע איז ער געווען, נאר ער נאָך מורא געהאט ארויסצוריידן אף דער בינע איין וואָרט און איך האב פּאוואלי געמאכט אים פאר א לייט, קאסטיומען אים געקויפט און בלומען אים געשיקט און געקריגט זיך, אז מ'זאל אים געבן ראליען און דערנאך, אז ער איז נאר געווארן א שטיקל מענטש און געקריגן א שטיקל נאמען, איז ער אוועק פון מיר, אפילע די האנט ניט געדרוקט... אין די פּיעסן ווערט דאך געננוג דערציילט וועגן די מענער און וואסארע פאסקודניאקעס זיי זייַ־נען, אבער ס'ווערט נאך גארניט דערציילט. און ס'קאן זיין, אז זיי אליין זיינען גאר אויף אזוי פיל ניט שולדיג, שולדיק זיינען אליין אונזערע ווייבער, וואס ווילן ניט אזוי פיל אליין האבן, ווי זיי ווילן, אז אנדערע זאלן ניט האבן... ווען ניט אונזערע ווייבער, וואלטן די מענער ניט געווען אזוי שלעכט, ווי זיי זיינען..." די לילינא האט פארלוירן דעם אטעם און אין

יענער נאכט האט זי שוין מער ניט גערעדט, נאר אזוי שטאַרק געקוקט מיט שטומען ווייטיק, און דאס מויל איז געווען בא איר אזוי צונויפגעקלעפט גלייך זי וואָלט געליטן א היסטעריע־איינפאַל.

איינמאל אין א באנאכט האט די לילינא זיך אפגערופן צו דער זינגער: איין זאך וויל איך דיר נאר דערציילן, מיידעלע, איך וויל זיך נאך אביסל אראפריידן פון הארצן. איך מוז... ס'דריקט מיר אזוי דאָ. מיר זיינען דא ארומגעפארן אין „קאמפ" שפילן טעאטער, אין די פארווארפענסטע שטעטלעך און קאָלאָניעס פון ארגענטינע זיינען מיר געווען. די געשעפטן זיינען ניט געגאנגען פויגלדיק, ס'איז געווען אין די צייטן, ווען די אידן פון קאמפ האָבן נאָך כסדר געהאַט ביטערע פנימער און וועמען איז געלעגן אין זינען צו גיין אין טעאטער? אָבער נאָך די פארשטעלונגען פלעגן תמיד צו אונדז קומען א פּאָר „פונדעקעס" און פארשלעפן ערגעץ אין א שענק און מיט זייער הילף האבן זיך אונדזעריקע אויסגעשלאגן די הוצאות. איינמאָל האָט מיר דער דירעקטאר געהייסן פארברייננגען מיט א פונדעק און בא אים ארויסשלעפן געלט. ער איז געווען א גוטער, זייער א גוטער, דער פונדעק, ער איז געזעסן מיט מיר שטיל, איך האב געגעסן וועטשערע ער האט געטרונקען, דערנאך האב איך אויך געטרונקען, צום סוף האב איך אים געבעטן א הונדערטער און ער האט מיר געגעבן. בנאמנות, מיידעלע, ס'איז גארניט געווען, ער האט מיר גלאט אזוי געגעבן. אף דעם צווייטן טאג איז ער צו מיר געקומען דער דירעקטאר און געהייסן, אז איך זאל אים געבן דעם הונדערטער, האב איך ניט געוואלט, האט ער גענומען שרייען „זונה, נפקא, אויסגעלאסענע, גיב אהער די „מענטשאלעך", כ'וועל דיר די מכשפה'שע האָר אויסרייסן"... „אויב איך בין טאַקע אַן אויסגעלאַסענע — האָב איך צו אים געזאגט — טאָ פארוואס זאל איך אייך אוועקגעבן דאס געלט?" באַ די האָר האָט ער מיך געריסן און אלע האָבן אים געהאָלפן. און אז ער האָט געזען, אז מיט בייזן מאכט ער גאר ניט, האָט ער מיטן גוטן אנגעהויבן מיך בעטן... און דעמאלט טאקע האָב איך חתונה געהאַט מיט מיין „פונדק", טאקע דער, וואס האָט מיר געגעבן דעם הונדערטער. ער היט מיך אָפּ ווי א הונט, ווי א געטרייער הונט און גיט מיך עסן אויך און מאכט מיך עלנד, עלנד... א סך מאָל דאכט זיך מיר אויס, אז כ'בין געשטארבן ניט איצטער, ווען איך האָב אנגעהויבן שפּילן באָבעס, נאר דעמאלט, ווען איך האָב חתונה געהאט. ניט גוט צו זיין א פרוי און נאך אַן אקטריסע אין די דאזיקע לענדער; גייסט כסדר אף א ברעג, אף א גליטשיקן ברעג, וואס האָט צוויי טיכן פון ביידע זייטן און אין איין זייט־אריין מוזטו אמאָל ארייינפאלן... און אז דו פאלסטו אריין, ליגסטו און ליגסט און...

די לילינא האָט זיך פארלוירן און אנגעהויבן קוויטשען מיט א פאר־מאַכטן מויל און די זינגער האָט אָנגעהויבן שרייען נאָך הילף און גיסן וואסער אף איר און ווען מ'האָט זי שוין איינגעשטילט האָט זי אויסגעזען ווי א האלב טויטע און זי האָט זיך ניט געקענט רירן. מ'האָט געשיקט זאָגן דעם דראמאטישן פארל, אז ס'זאל מאכן לענגערע פאוזעס און זינגען נאך א סטראָף, ווייל די לילינא וועט מוזן פארשפעטיקן מיט איר אויפטריט.

# דער ברודער איז געקומען

I

קיינמאָל האָט מרים ניט געוואָרפן קיין קאָרטן; זי האָט אפילו גע־לאכט מיט איר הויכן, ניט נאטירלעכן געלעכטער, ווען זי האָט געזען אירע א חברטע, די אלטע מויד רייזל, אויסלייגן א פאסיאנס. אזא אפגע־בליאקעוועטע איז זי געווען רייזל, און אז דער פאסיאנס איז איר ארויס, האָט זי באקומען אלערליי פארבן. מרים פלעג אף איר קוקן מיט עקל און מיט ליידנשאפט, פילנדיק, אז: ווער ווייסט מיט וואָסאַראַ מאַן רייזל באפרידיקט זיך איצט.

נאר זייט מרים האָט אוועקגעשיקט די שיפסקארטע צו איר ברודער קיין אייראפע, האָט זי שוין עטלעכע מאָל געוואָרפן קארטן און האָט מיט נארישע נייגעריקייט זיך געוואלט דערוויסן ביי די שטומע, לעקישעוואַ־טע, פאפירענע צורות, צי איר ברודער קומט, צי ניין...

פערצן יאר זיינען שוין איבערגעקראכן זייט זי האָט אים ניט געזען. אים? אך, קיינעם ניט פון דער פאמיליע. קיין איין אייגענעם ניט געזען. זי האָט זיך אמאָל אָפּגעריסן פון דער היים צוליב א „ליבא" (ווי זי פלעגט זאגן, שטעלנדיק דעם אקצענט אויפן לעצטן טראף) און זייט דעמאלט האָט זי זיך געטראגן אן עלנטע ווי א בלעטל איבער דער „ווייטער, הייסער ארגענטינע". דערווייל איז דער פאטער אויך געשטארבן און זי האָט זיך שוין געזאגט: זיי וועלן דארט אויסשטארבן, מיר דאָ און דער אקעאַן וועט אלץ בלייבן אין מיטן... לעבן אָן איין אייגענעם און שטארבן אויך אָן איין אייגענעם"... רייזל האָט אויך ניט געוואוסט למאי א מענטש זאָרגט פארן טויט, פונקט ווי פארן לעבן. ס'איז דאך אזוי נאריש צו זאגן: „שטארבן אָן איין אייגענעם"...

אָן איין אייגענעם? זי האָט נאך א רגע זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם. געדאנק: דער מאַן, וואס האָט אין דער היים געהייסן פ י י ו ל און דאָ פ ע ד ע ר י ק אָ, איז דאך איר ניט געווען קיין אייגענער, כאטש זי איז

אים געווען פארליבט און צוליב אים אוועק א קליין מיידל פון דער היים. צוועלף יאר שוין אינאיינעם, כסדר, נאכט אף נאכט אין איין בעט, א טאטע פון אירע צוויי קינדער און ניט קיין אייגענער אזוי ניט קיין אייגע־נער, ווי זי אליין... א טייל פון זיך, פאר וועלכן מ'זארגט, מ'ציטערט, פונקט ווי פאר זיך... פריער איז ער געווען עפעס אזוינס, וואס זי האט געדארפט האבן, אזוי ווי ברויט, ווען מ'איז הונגעריק, ניין, ווי וואסער, ווען מ'איז דארשטיק... און דערנאך איז ער געווארן עלעהיי נאך א האנט... די צוויי ראזעווע מיידעלעך אירע? קינדער זיינען דאך אוודע ניט קיין אייגענע, אייגענע איז דאך עמיץ אנדערש און די קינדער — דאס איז זי אליין...

און איצטער נאך פערצן יאר אליינקייט, האט זי געשיקט א שיפס־קארטע נאכן ברודער, וואס האט אויך געהייסן פייוול און וועט שוין דא קיינמאל מסתמא ניט הייסן פעדעריקא. און באם הארץ האט איר אזוי ווארעם געקלעמט. קיינמאל גאר ניט געווען אזוי גוט מיט אים, תמיד זיך געקריגט, אזוי שטארק זיך געקריגט. ער איז נאך געווען א חדר אינגעלע, אזא תמעוואטע־פרומער און זי איז געווען א לעבעדיק מיידל, האט גע־לערנט רוסיש, ארומגעטאנצט תמיד, ארומגעזונגען. איז ער געווען איי־פערזיכטיק אף איר. דער ערשטער אייפערזיכטיקער איז תמיד דער אינגערער ברודער. ער פלעג זי רופן מאריע מאגדאלענא און ער האט גע־מיינט, אז אזוי האט געהייסן „גאטס מאמע", ניט געוואוסט, אז מאריע מאגדאלענא איז געווען א פראסטיטוטקע. זי האט אויך ניט געוואוסט. איינמאל איז ער אזוי בייז געווארן אף איר, אז ער האט איר געווארפן א גאפל, וואס האט זיך אריינגעשטעקט מיט אלע ציין טיף אין דער אויי־בערשטער טייל פון איר האנט. ס'האט געדויערט אפשר פינף מינוט ביז מ'האט אים ארויסגענומען, אלע האבן זיך דערשראקן. זי האט נאך ביז היינט א סימן.

און זי האט געטראכט א צערייצטע: ניט יענער פייוול, וואס האט גע־ווארפן דעם גאפל קומט, ס'קומט אן אנדערער. א מענטש א גאנצער, מיט א נאמען אפילו. א שרייבער איז ער... און ס'האט איר באנק געטאן למאי כ'איז ניט יענער. ווער ווייסט? אפשר איז דער גאר ניט קיין אייגענער?

איז זי אזוי געשטאנען שעה'ן לאנג בא דער סטויקע פון „אלמאסען"1), אומבאוואוסטזיניק אפגעלאזט די סחורות און זיך געפארעט מיט די קאר־טן. א סך מאל, ווען א קונה איז אריינגעקומען, האט זי אים אנגעקוקט מאדנע: ס'האט זיך איר געדוכט, אז זי איז נאך א דאר מיידעלע מיט איבערגעברענטע באקן, פול מיט פרישטשיקעס, וואס קריגט זיך אין דער

1) באקאלייקראם.

היים, אין ט י ל י ש י ע, מיטן ברודער, ניט קיין „פּאָלנע דאמאטשקע“, וואס האָט צוועלף יאר א מאן, איין מיידעלע איז שוין אלט צען יאר, כ׳צווייטע — אכט און זי אליין אריבער דרייסיק. פארגעסן, אז זי שטייט שוין אכט יאר אין א קראם, וואס געפינט זיך ערגעץ אויף א ראג, וואו ס׳לויפן פארביי טראמווייען, וואס קלינגען, זשומען און פייפן... אכט יאר אזוי, טאג איין, טאג אויס, פון גאנץ פרי ביז שפּעט ביינאכט. זומער ברענט אזוי, אז ס׳בריט אין די פיס, ס׳העלפט ניט קיין פארמאכן זיך, די זון לעכערט דעם אייזערנעם דאך און קריכט אריין. די פעסער פון בוימל, וויין און עסיק זיינען ווי אייזן בא א קאָוואל אף דער קאָוואדלע. און ווינטער איז קאלט און נאס אין גוף און אין דער נשמה, גלייך ווי זשאַבעס, וואס זיינען ערשט ארויס פון בלאטע, וואלטן זיך כסדר געטוליעט, וואו אנצעווארעמען זיך איז ניטא, סיידן שפּעט באנאכט אין בעט.

אכט יאר האבן זיך אזוי אפּגעקראכן. די לעצטע צייט איז פּייווּל, דער מאן, קיינמאל אין דער היים ניט געווען, ער האט שטענדיק ארומגעבלאָנדזשעט איבער די אייזנבאן־סטאנציעס און אויפגענומען תבואה פאר דרייפוסן. און אז דרייפוס האָט אָפּגעזאגט, האָט ער געבלאָנדזשעט איבער דערפער און שטעטלעך מיט א זאק אף די פּלייצעס און געגאנגען מבית לבית פארקויפן „קאָרטעס“ 2). פּוסט איז געווען אָן אים, נאָר — בעסער...

קיין ביכל האט זי קיינמאל ניט אויסגעלייענט, געעפנט אלע מאל און אזוי איז דאס געבליבן. אפילו, עפּעס ריידן איז ניט געווען מיט וועמען סיידן מיט דער אלטער איטאליענערין, וואס האָט גערעדט דריי פערטל איטאליעניש, אביסל שפּאניש, פארשמעלצט מיט עטלעכע לשון קודשדיקע ווערטער און געזאגט, אז זי איז אויך אן „איזראעליטא“. לכתחילה האט זי איר אויסגעוויזן קוריאָז, דערנאך איז זי איר נמאס געווארן. איז געבליבן נאָר דער וואַיאזשאָר, וואס פלעגט קומען אלע צוויי וואָכן מיט אויסגעדרייטע שיך, מיט זייף און א מין פּראָשעק פאר די טעפּ און גערעדט אף רוּסיש וועגן גארקין און אנדרעיעוון...

איינמאל, ווען מרים האט א צעטראגענע אויסגעלייגט א פּאסיאנס, איז אנגעקומען א טעלעגראמע פונם ברודער, אז ער קומט מיט דער און דער שיף. אין צוויי טעג ארום האט ער שוין געדארפט זיין אין בוענאס איירעס און זי האָט אים אפילו ניט געקענט פאָרן דערוואַרטן. דער מאן איז געווען ערגעץ אף א פארפאראשעטער סטאנציע. ס׳האָט איר פארדראסן און דאָך הנאה געטון: זי האָט תמיד געחלומט, אז דער ברודער זאל קומען ווען דער מאַן וועט ניט זיין אין דער היים, בכדי צו קענען פארברייינגען

2) אפּגעשניטענע שטיקער מאנופאקטור־סחורה פאר קאסטיומען.

א פאר נעכט מיטן ברודער אליין און זיך אראפריידן פון הארץ ביז אליז וועט אויסגעשפיגן ווערן. גארניט זאל בלייבן...

שלימזל! מיט א טאג פריער איידער פייוול, דער ברודער, האט גע־דארפט אנקומען, איז אנגעקומען אויך פייוול דער מאן. מרים האט געפרואווט איינריידן, אז ער זאל בלייבן אין דער היים, ווען דער ברודער וועט אנקומען. מ'קאן דאך — האט זי געטענהט — די קראם ניט לאזן אליין. און דער מאן האט געטענהט אז ס'איז א קליינער אומגליק. אף איין שעה מעג מען פארשליסן, ער וועט אפילו, די קינדער ניט לאזן גיין אין שולע אריין אין יענעם טאג. אלע וועלן זיי מאכן אן ענגע קאמפאניע און אים גיין דערוואַרטן.

און גראד האט מען דעם מאן נאך יענעם טאג טעלעגראפיש ארויס־גערופן אין דער פראווינץ. ער האט געוויינט, געשאלטן גאנץ ארגענטינע, דרייפוסן, די בורזשואזע אָרדנונג און איז דאך אוועקגעפארן. מרים האט זיך אין הארצן געפרייט. דעם צווייטן טאג האט זי אוועקגעשיקט די קינדער און זיך אליין גענומען פוצן. זי האט ניט געוואוסט, ווי אזוי אנצוטון זיך, אז זי זאל אים געפעלן: זיך אויספוצן ווי אין ארגענטינע, אדער זיך אנטאן „פשוט און מיט חן“ אזוי ווי אמאל אין דער היים. זי האט געפונען די גאל־דענע מיט און איז אוועק אליין דערוואַרטן דעם ברודער און געפילט האט זי אן אומגעדולד, ווי צוריק מיט פופצן יאר ערב א ראנדעוואו.

## II

די קראם האט מרים פארמאכט פרי, די קינדער איינגעשלעפט און זיך אנידערגעזעצט אנטקעגן ברודער זיך שפיגלען און ליובען. דאס צימער איז געווען פוסט, נאר א צוזאמאנגעשטעלט בעטל איז דארט געשטאנען, א בענקל און אף דער פאדלאגע — סחורות פון אלמאסען, וואס האבן פארשפרייט א קיצלדיקן ריח. דאס לאנגע פענצטער איז געווען פארמאכט און דאך איז געווען קאלט. דאס קלינגען פון טראמוויי האט עפעס מאדנע געווירקט...

מרים איז געזעסן אפן ביינקל און פייוול אפן בעטל. זי האט אף אים געקוקט אן אויפהער. ער האט איר אויסגעוויזן שיין, כאטש קינדוויז האט מען געזאגט, אז ער איז א מיאוסער. ער האט אזוי שיין געלאכט מיט די אויגן, אז ער האט אינגאנצן געשיינט. זי האט זיך דערמאנט, אז אין ארגענטינע האט זיך אסאך מאל געמאכט, אז א שוועסטער האט זיך נאך א לאנגע צייט ניט געזען מיט א ברודער און דערנאך, ווען זיי האבן זיך געטראפן, האבן זיי געלעבט ווי א מאן און ווייב... אפילו א זון מיט א מאַ־

מען האָט זיך שוין אויך געטראָפן... זי איז רויט געוואָרן פון אירע מיאוסע געדאנקען און געפּרואווט אליין זיך פאררײדן:

— ווי אזוי האבן דיך גערופן די מיידלאך אין דער היים?

— פּאווליושקא.

— פּאווליושקאַ?.. פּאווליוק איז בעסער.

— זאל זיין פּאווליוק, מאראָטשקא.

— מאראָטשקא איז אויך שיין.

זי האָט אים אריינגעקוקט טיף אין די אויגן אריין און אויסגעזען אזוי, גלייך אָט אָט וועט זי צעשמאָלצן ווערן און זי האָט גענומען פּלאפּלען גיך:

— פּונקט אזא נאכט איז געווען. אָט אין דעם זעלבן צימער איז דאס געווען. די קינדערלעך זיינען נאך געווען קליינינקע און פּייוול איז ניט געווען אין דערהיים. מיט מיר איז דעמאלט געשלאָפן א מיידל, א גוטע הבר'טע מיינע, כואַנאַ הייסט זי. דריי טעג פאר איר חתונה איז געווען. די קינדערלעך זיינען שוין געשלאָפן און איך מיט כואנאן האָבן גערעדט. אלע מאל איז זי ארויפגעקומען אויף איר טעמע: חתונה. זי האָט געוואָלט איך זאל איר דערציילן אלצדינג... מיידלעך זיינען אזוי נאריש. פּלוצים האָבן צוויי מענער אנגעקלאפּט און געזאגט: „סעניאָרא, עפנט גיך די טיר, ס'זיינען אריין צוויי גנבים צו אייך, מיר זיינען פּאליצי". כואנא איז שוין גע־לאָפן עפענען. מיר האָט עפּעס א קלאפּ געטון אין הארצן אריין. ס'לויפן דא טראַמווייעס, אויטאָס, אָבער ס'איז א פארוואָרפענער עק, ס'איז ארגענ־טינע, ערגער ווי ביי אונדז אין א וואלד... איך האָב ניט געלאָזט עפענען. די צוויי שקצים האָבן געטענהט און געטענהט און אוועק מיט א נאָז... ווען כואנא וואָלט געגאנגען עפענען, וואָלט זי שוין געגאנגען א טרייפענע צו דער חופּה...

מרים האָט זיך היסטעריש צעלאכט. דער ברודער האָט זי אנגעקוקט פארוואונדערט און געזאגט:

— אינטערעסאנט. אבער כ'פארשטיי ניט, אנטקעגן וואס דו דער־ציילסט דאס מיר.

מרים האָט זיך פארשעמט:

— אָט אזוי בין איך, א פּלאפּלערקע... ניין, ס'איז כאראקטעריסטיש... אָט אזוי גייט דאָ פארביי דאס גאנצע לעבן: תמיד האָט מען מורא, אז עמי־צער וועט אָנפאלן און אַמאָל טוט באַנג, למאי ס'איז קיינמאל קיינער ניט אָנגעפאלן... אזא לעבן! חוץ פוסטקייט און אביסל שרעק גיט דאס גאָרניט...

מרים האָט זיך קוים באהערשט זיך ניט צו צעוויינען היסטעריש. זי איז אינגאנצן שווארץ געווארן. דער ברודער האָט זי באטראכט און זיך געפילט פריקרע:

— מאַראָטשקע, רעדסט עפּעס אַזוי משונה.

— טאַקע משונה. דאָס לעבן איז אויך משונה. פּאַווליושקאַ, ווייסט וואָס הייסט — גאָרניט האָבן? כ'קוק אַמאָל אויף מיינע צוויי מיידעלעך, ווען זיי שלאָפן. זיי זיינען אַזוינע ראָזעווע, אַזוינע שיינענדיקע און זיי זאָגן אַזוי פיל צו: זיי וועלן נאָך לעבן און אַז זיי וועלן לעבן, וועל איך דאָך אויך לעבן... נאָר פּלוצעם דערמאָן איך זיך, אַז א י ך האָב גאָר ניט, וואָס־זשע וועלן ז י י האָבן?..

— מאַראָטשקע, האָסט דאָך ליב געהאַט פּייוולען?

— האַ? די ליבע צו פּערעריקען?.. דאָס איז געווען אַ כימערע, אַ נאַרישע דאָרשט... די ערשטע ליבע איז בײַ אַ מיידל קיינמאָל ניט קיין ליבע... מיידלעך האָבן חתונה נאָר דערפאַר, ווייל זיי קענען זיך ניט באַהערשן... אַ מיידל, ווען זי איז נאָך אַ יונגפרוי קאָן ניט ליב האָבן. זי איז נאָר נייגעריק ביז ווילדקייט... וואָלט זי ניט מורא געהאַט און זיך איבערגעגעבן דעם ערשטן געליבטן, וואָלט זי מיט אים קיינמאָל ניט חתונה געהאַט און ניט געווען אומגליקלעך... נאָך דער ערשטער וואָך, אויב ניט פריער, איז שוין פּייוול פאַר מיר גאָר ניט געווען... אַזוי ווי איך אַליין פאַר זיך...

— רעדסט אַזוי ציניש, אַז ס'ווערט אַזש גרין אויף דער נשמה.

— וואָס־זשע? ס'האָט נאָך צו דיר אַ פרוי קיינמאָל ניט גערעדט גאַנץ אָפן?

— אַ פרוי יאָ, אָבער — אַ שוועסטער.

— און איך וואַרט שוין צוועלף יאָר אויף אַן אייגענעם, בכדי צו קענען זיך אַראָפּריידן פון האַרצן. זאָל איך ריידן ווי טורגעניעווס דאַמע, וואָס „רייניקט זיך די נאָז מיט דער הילף פון אַ נאָז־טיכל“?.. צוועלף יאָר געוואַרט אויף אַן אייגענעם. מיט חבר'טעס קען מען אויך ניט ריידן אַלצדינג.

— נו און מיט פּייוולען?

— פּייוול איז מיר גאָרניט... גאָרניט... כ'האָב דיר געזאָגט: איך אַליין...

— קיינמאָל זיך ניט געקענט באַפריינדן?

ס'הייסט קיינמאָל ניט? תמיד און צופיל... איינמאָל איז איז ער מיר עפּעס געווען אויסערגעוויינלעך נאָענט. אַלע זיינע קאָלעגן האָבן זיך דערקלערט אין אַ שטרייק און טאַקע תיכף חרטה געקראָגן, געוואָרן שטרייקברעכער. ער אַליין נאָר איז געבליבן איין באַאמטער, וואָס האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט די אַרבעטער. מ'האָט אים אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן. אוי האָבן מיר געליטן דעמולט... דאָ אַז מ'הונגערט, הונגערט מען ווי אַ הונט. דאָס לעצטע טישל פאַרקויפט. אָבער איך שווער דיר, פּאַווליושאַ, יענער הונגער איז מיר געווען ליבער, ווי די פּרנסה, וואָס ער האָט מיר מיט

די קינדער כסדר געגעבן... כ'האָב געהאַט פון וואָס צו ריידן מיט אים, זיך אינטערעסירן...

— האָסטו דאָך יאָ געפונען א וועג צו אים.

— א כימערע. די בראָשורן, וואָס ער האָט אמאָל געלייענט באהאַל־טענערהייט אין טילישיע, ערגעץ אין א שפּייכלער, אונטער א בארג ווייץ, האָבן זיך אף א רגע אפּגערופן און אים אָנגעצונדן. ס'האָט באַלד חרטה געקריגן. ער האָט ביז היינט צרות דערפון און ס'טוט אים ביז היינט באַנג...

— דו וואָלסט געוואָלט, אז ער זאָל זיין א רעוואָלוציאָנער?

— איך וואָלט געוואָלט, אז ער זאָל זיין?.. אז ער זאָל זיין... עך... ווען איך ווייס וואָס...

מרים האָט אָנגענומען דעם ברודער בא דער האַנט און אים געקוקט אין די אויגן אריין:

— אָך, פאַווליושא, ביזט אַ נאַר, פּשוט א נאַר, פאַווליושענקא. אזוי ווי אַלע מענער. קיינער פון אייך פארשטייט ניט א פרוי. דו מיינסט, אז איך פרעג אן עצה. אז מ'דאַרף שוין פרעגן אן עצה, איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל זי בכח זיין צו געבן. אן עצה קאָן זיין אָדער א יאָ, אָדער א ניין און אין לעבן איז ניטאָ ניט קיין יאָ און ניט קיין ניין. און איך רייד אַזוי... כ'האָב צוועלף יאָר אזוי ניט גערעדט. אַלצדינג איז געבליבן... יאָ, געבליבן אינגאנצן... אין די גערדאַנקען האָב איך געלעבט, געלעבט אזוי שיין... אין די גערדאַנקען האָב איך מיר געפּראַוועט אַ סאַך מאָל בעלער און הוליאַנקעס, און שפּאַצירן אין בערג און ליבע־שפּילן מיט הונדערטער מענער. כ'האָב מיר אפילו גרויסע פאַנטאַזיעס געמאַכט, צוגעטראַכט משונה'דיקע מינע פארברייננגעניש מיט ווילדע אויפטועכצן... די קליידער פון יעדן האָב איך זיך אויסגעמאָלן ביז אין קלענסטן פּרט... אין די גע־דאַנקען נאָר, ריידן אפילו האָט זיך מיר אויסגעוויזן וועט שוין הייסן א קאָנקרעטע פארווירקלעכונג. אן אבסטראַקט לעבן געפירט... כ'האָב אַמאָל געוואוינט מיט אן אנדאַלוזקע אין איין הויף. אַ בלאָנדע פרוי געווען פון אַ יאָר פערציק. א הויכע, א געזונטע מיט א גרויסן ביוסט, וואָס האָט גע־ווארפן א פּחד אף מענער. זי האָט געוואוינט מיט אַ מאַראָקאָנער אידן, עפּעס א רב'ס א זון, א פרומער, א משוגענער, ער האָט גערדאַוונט אַלע טאָג, נאָר מיט א קריסטלעכע האָט ער געוואוינט... א מיידעלע האָבן זיי געהאַט, פלעג זי אַלע טאָג אָנטון דעם מיידעלע א צלם און ער פלעג דאָס אַראָפּרייסן, זי שלאָגן, דאָס מיידעלע שלאָגן... און אז דער מאַן פלעג אוועק־גיין אין גאַס אריין און דאָס מיידעלע אין שול אריין, פלעג זי אָטעמען מיט איר גרויסן ביוסט און אזוי זיך צעזינגען, אז ס'האָט זיך געדוכט, אז עפּעס אַ שטיק זון זינגט... אָך, א ליכטיקע. א ליכטיקע... הונדערטער מענער גע־

האט און געבליבן די זעלבע ליבטיקע. און אז זי פלעג זיך צוזעצן צו מיר און מיר דערציילן אירע ליבעס, האָב איך... כ'האָב איבערגעלעבט אירע ליבעס און פון זיי מער פארפלעקט געווארן ווי זי... און כ'האָב אפילו גאר־ניט געזאָגט, כ'האָב נאָר געהערט... און היינט רייד איך, ס'איז א גליק, אז מ'קען ריידן... איך וועל דיר אָנפּלאַפּלען א פולן קאָפּ. איך האב דאָ ניט ווייט א פריינדן א רוסישע, א קריסטלעכע, נאַסטיא הייסט זי. זי וואוינט מיט א אידן. כ'מיש דיר איינס אין אנדערן. ער האָט ניט געוואלט חתונה האָבן מיט איר. ווייל ער האָט רחמנות געהאט אף זיינע עלטערן, זיינען זיי ביידע אוועק אהער. ווען ער דארף נאָכאמאל חתונה האבן, וואלט ער שוין ניט חתונה געהאט מיט קיין קריסטלעכע. ער בארימט זיך, אז זי קאָכט אים אידישע פיש... אז מ'האָט חתונה מיט א אידישקע, דארף מען זיך ניט בארימען... כאַ, כאַ, כאַ...

מרים האָט זיך צעלאכט און האָט אַזוי לאַנג זיך געקייכט ביז וואַנען כ'האָבן איר די שלייפן אָנגעהויבן ווייטאָן און זי האָט זיך ניט געקענט באַ־הערשן. פייוול האָט זי געוואלט אויסניכטערן מיט א פּלוצעמדיק וואָרט, האָט ער אָבער ניט געפונען און ער האָט אַ זאָג געטון:

— וואס זשע האָסטו געוואָלט דערציילן וועגן נאַסטיאַן?

מרים האָט נאָך אַלץ געלאכט און מיט א פול און מיד מויל גע־פּלאַפּלט:

— נאַסטיא איז שוין אַן אַלטע. אַן אַלטע גויע. זי וואוינט שוין אכצן יאָר מיט איר מאַן, נאָך איר „אוכאַזשעווען" ווערסטו שוין ניט קענען... כאַ, כאַ, כאַ... זי האָט אַ מיידעלע פון זעכצן יאָר, אַן ארגענטינער מיידעלע, זי ווייסט שוין אַלצדינג און רעדט רוסיש...

— אָבער מאַראַטשקאַ — האָט פייוול נערוועז אַ שאָקל געטון דעם צעשויבערטן קאָפּ — וואס פאַלט דיר איין? וואס רעדסטו?

— ס'פאַלט מיר גאָרניט איין... א פרוי, אז מ'רעדט פון א מאַן, גיט זי אויך תיכף א פיל וועגן אים אזוי ווי א פרוי... פּאַווליוק זיי ניט אזוי פאַר־וואונדערט. היינט וויל איך ריידן... דאס הייסט שוין ביי מיר קאָנקרעט געלעבט... יאָ מיט נאַסטיאַן. אַלע זונטיק טרעפן מיר זיך צוזאַמען מיט איר און מיר ריידן פון רוסלאַנד... ניין, מיר ריידן ניט, מיר חלומען... צייט ס'איז פארגעקומען די רעוואָלוציע דאָרט, האָבן מיר איין חלום: צוריק קיין רוסלאַנד... מיר טרעפן זיך א סך אַלע זונטיק. ס'קומט א הין א שיין ווייַ־בעלע מיט א מאַסלינענדיק פּנימל און אויגן ווי ווייַן, וועראַ הייסט זי, איר מאַן הייסט יאַשאַ, ער איז אזוי ווי א נארישער מאַראַנץ. זי איז די איינ־ציקע, וואס פלירטעוועט מיט מענער, פארשיכורט זיי אַלע און גייט אַליין אום א הונגעריקע. „איך בין א הונגעריקע פרוי" — זאָגט זי שטענדיק.

און יאשא גייט אום ווי א געקוילעטער. ער האט זיך שוין צוויי מאל שיעור ניט געסאמט. נאר צייט עס איז געווארן די רעוואלוציע, האט אים עמיצער אריינגעשיינט אין שווערן לייב אריין... ס'קומען נאך א סך... נאר אבראמאוויטש קומט ניט. א געוועזענער רוסישער סטודענט, וואס וואוינט מיט א פראנצויזינקע און לערנט זי שוין צען יאר מאכן קוגל. זי איז אזוי ווי פון מילך, ניט פון פלייש. אבראמאוויטש איז געווען א היזיקער. ער איז געפארן קיין רוסלאנד און איז באלד צוריק געקומען, דער פרוי איז דארט ניט געפעלן. זי האט געזען מיידלאך ארומגיין נאקעט אויף א פלאזש, אינגאנצן נאקעט. מענער זיינען פארביי געגאנגען און די נאקעטע מיידלאך האט ניט געארט... כא... כא... אוי... איז זייט אבראמאוויטש איז צוריקגעקומען, קומט ער שוין ניט צווישן אונדז. מיר ווייסן בעסער, וואס אין רוסלאנד איז פארגעקומען ווי ער, כאטש מיר זיינען דארט ניט געווען: זיין פרוי האט ליב מילך און זיסע זאכן כא כא כא... מיר ווילן דעם חלום ניט פארלירן. זיצן מיר און מיר חלומען פון רוסלאנד. אז נאסטיא וויל סערווירן א מאטע, שרייען מיר: „אוועק מיט ארגענטינע, קיין רוסלאנד ווילן מיר"... אזוי ווי די שוועסטער בא טשעכאָוון: „קיין מאָסקווע"... קערלעך קנאַקן מיר. אָבער וואס מיר חלומען זאגן מיר ניט. מיר האָבן גאָר מורא אויסצוזאגן אונדזערע חלומות. זיי זענען אזוינע שרעקלעכע... אונדזערע מענער וואלטן אייפערזיכטיק געווארן, אייפערזיכטיק, כאַ, כאַ...

פייוול האט זיך פשוט אנגעהויבן שרעקן, איז ער צוגעגאנגען צו איר און איר ארויפגעלייגט די האנט אויפן קאפּ:

— אבער, מאראָטשקע.

— ס'איז גארניט ברודער. ס'איז דאך נאר צום פלאצן פאר געלעכטער. די מענער זיינען אייפערזיכטיק. אייניקע זיינען זיי ווענעריש קראנק, אייניקע האָבן זייערע פרויען אהיים געבראכט „מתנות" פונם קאַמפּ און זיי זיינען אייפערזיכטיק. זיי מאכן אזוינע סצענעס... מיר האָבן זיך אמאָל צענויפגענומען עטלעכע חבר'טעס און מיר האָבן געערדט וועגן די אייפערזיכטיקע סצענעס, האבן מיר אזוי געלאכט, אז מיר האבן אלע געחלשט. נאר נאסטיא האט זיך געהאלטן, זי האט אונדז קוים אפּגעמונטערט. כאַ, כאַ... מיר זיינען געלעגן אַף דער ערד ווי היישעריקן נאָך א רעגן...

---

דער טראמוויי האט זיך געלאזט הערן מיט א קלונג. מרים האט זיך ווידער צעלאכט:

— א גוט מארגן, פאווליוק. דו גיי שלאפן און איך — אין קלייט אריין. וועסט זען, ס'ארא שטילע איך בין דארט.

זי האָט געגעבן א ווייז צום האַרץ און צום קאָפּ:

— א שלאס... תמיד היינגט דאָרט א שלאס... א ווייבל, וואס האט צוויי קינדערלעך און א מאן דאַרף פּאַרקויפן בוימאייל און מאטע, און סעלצער וואסער, און צוקער און שטעק שיך... צוועלף יאר האב איך גע־וואַרט אף דער נאַכט, ווען איך וועל קענען אראפּרייסן דעם שלאס. תמיד זיינען די נעכט אזוינע לאַנגע און היינט איז זי געווען א קורצע. ניין... ז'איז ניט קיין קורצע, מיר וועלן זי ציען ווייטער. דער טאג וועט איבערגיין ווי א שלאף, דאס פאַרקויפן באַקאַליי איז דאָך ניט קיין וואָר, נאָר א שלאָף... אין שלאָף קען איך א סאך מאָל ניט שלאפן...

מרים האט אנגענומען פּיוועלען, אים גוטמוטיק אריינגעוואָרפן אין בעט אריין און האָט זיך געלאָזט מיטן שליסל צו דער קראָם־טיר. מיט א רגע שפּעטער האט זי זיך אומגעקערט און צוגייענדיק גאר נאענט צום ברודער האט זי געזאגט:

— עס טוט מיר באנג, וואס דו ביסט א ברודער. ס'וואלט בעסער געווען, ווען ס'קומט פון דער היים עפּעס אזוי א נאענטער פריינד, פון די אמאָליקע גוטע טילישיער אינגלאך, אָדער כאָטש א קוזין... וועלוול דעם פּעטער חיימס, א שטייגער... איך וואלט פרייער אראפּגעריסן דעם שלאס און... מער און מער וועל איך דיר ניט זאגן. דו האסט ריינע געדאנקען און א פּאַרפלעקטן קערפּער... ניין, ניט קיין פאַרפלעקטן, א געזעטיקטן... און ביי מיר איז דער קערפּער געבליבן אינגאנצן, ווייסט דאס דער רוח ווי אזוי... און די געדאַנקען זיינען באפלעקט... ס'איז ארגענטינע דאָ. מ'האַלט זיך אזוי פרום אָפּגעזונדערט און מ'האַלט זיך אין איין פאראומרייניקן די געדאַנקען.

יעקב באַטאַשאַנסקי

# זוך-צעטל

זייט

# „די פרעסע"

## אומפארטייאישע טעגלעכע פרימאָרגן צייטונג

געגרינדעט דעם 1־טן יאנואר 1918.

דערשיינט זיבן מאָל אין וואָך

---

„די פרעסע" איז די מאָדערנסטע און פארשפרייטסטע אידישע טעגלעכע צייטונג אין גאנץ זיד אמעריקע.

די רעדאקציע פון „די פרעסע" און אירע נאָענטע מיטארבעטער איז צוזאמענגעשטעלט פון די בעסטע און פעאיקסטע אידישע ליטעראַרישע און זשורנאליסטישע כוחות, וואס ארגענטינע פארמאָגט.

„די פרעסע" איז די איינציקע אידישע טעגלעכע צייטונג אין ארגענטינע, וואס באציט זיך מיט פולן ערנסט צו אלע קולטורעל־געזעלשאפטלעכע פראבלעמען פון אינלאנד און אויסלאנד און ווערט דארום געלייענט פון אלע קלאסן און שיכטן אן שום אונטערשיד.

„די פרעסע" ווערט געדרוקט אין אירע אייגענע גרויסע טאזשערן פון דער מאָדערנסטער לינאָטיפיע און סטערעאָטיפיע מיט א גרויסער ראָטאציאָנס דרוק־מאשין וואס נעמט אריין צוואנציק גרויסע זייטן מיט איין מאָל און דרוקט 20.000 עקזעמפלארן אין א שעה.

# DI PRESSE

**Diario Israelita de la mañana**

**352 - CASTELLI - 360** **BUENOS AIRES**

**U. T. (47) Cuyo 5579 y 5583**

# ביכער פון יעקב באטאשאנסקי

## שוין דערשינען:

**נאָך דער פאַרשטעלונג** (גראָטעסקן און בילדער פון אידישן אַקטיאָרן לעבן). פרייז 2 פעזא

**הערשעלע אסטראָפּאָליער** )טראגיקאָמעדיע אין 4 אקטן).
פרייז 1 פעזא.

**פון ביידע זייטן ים** (נאָוועלן, גראָטעסקן און בילדער) פרייז 2 פּ.

**בעסאַראַביע** (לעגענדן, מעשה'ס און בילדער) פרייז 2 פעזא.

## עס דרוקט זיך:

**דראַמען:** (ערשטער באנד: ר' בער ליעווער — היסטארישע דראמע אין פיר אקטן; צווישן רעוואָלוציאָנערן — דראַמע אין דריי אקטן).
פרייז 2 פעזא

**לידלעך** פרייז 50 סענט.

**צווישן ביכער און מחברים** (שמועסן וועגן ליטעראטור און ליטעראטן). פרייז 2 פעזא.

## עס גרייטן זיך צום דרוק:

**געקליבענע פעליעטאָנען** פרייז 2 פעזא.

**יונה לאנבערג און זיין טאָכטער** (נאָוועלע) פרייז 1 פעזאָ.

**סצענעטן און שפּאַסן..** פרייז 1 פעזא.

**מעשה'ס און הומאָרעסקן** פרייז 1 פעזא.

**כרעסטאָמאַטיע פון דער** (גרייכשער און רוימישער) **מיטאָלאָגיע** פרייז 2 פעזא.

---

# אידישע בוכהאנדלונג ג. קאפלאנסקי

איז די איינציקע אקרעדיטירטע אידישע בוכהאנדלונג אין ארגענטינע וואו מען קען באקומען א גרויסן אויסוואַל פון אלערליי ארטיקלען, וואס געהרן צום ספרים מסחר.

**אַלע ניי-דערשינענע ביכער ווערן גלייך באַקומען דורך פּאָסט.**

די איינציקע אידישע בוכהאַנדלונג וואס שטייט אין דירעקטער פארבינדונג מיט אלע אידישע פארלאגן.

**אַ כסדר'דיקער אויסוואַל פון רומעל ספרים, אידיש און העברעאישע לער-ביכער, וואַנט-בילדער, איינזיכטס-קאַרטן, לשנה טובה-קאַרטן, זיידענע און וואָלענע טלתים.**

